Singer, Jacob.
Hayim Solomon, un,
Miryam's holem : tsvey
drames fun dem yidishn lebn
in Amerike.
Los Angeles, 1954.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005- 1898. 19

**Singer, Jacob, 1902-**
Hayim Solomon, un, Miryam's holem : tsvey drames fun dem yidishn lebn in Amerike.
Los Angeles : [o. fg.], 1954.
114, 88 p. : port. ; 23 cm.

1. Salomon, Haym, 1740-1785--Drama. 2. Jews--United States--Drama.
3. Yiddish drama.—lcsh.
I. Singer, Jacob, 1902- Miryam's holem. II. ChaimSalomon.
III. Miriam'sdream. IV. United States-California-Los Angeles

ID : NXYH03-B3072 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /45320

Reduction ratio X 10.0

# דראמען



# דראמען



יעקב זיננער

# חיים סאלאמאן
## און
# מרימ׳ס חלום

צוויי דראַמעס
פון דעם יידישן לעבן
אין אַמעריקע

לאָס אַנגעלעס, קאַליפאָרניע
1954

# CHAIM SALOMON

and

# MIRIAM'S DREAM

***TWO DRAMATIC PLAYS***

By JACOB SINGER

---



---

הילע געצייכנט פון דעם אַרטיסט דוד גערשוני

---



PRINTED IN U.S.A.
Typestting and Make-up
ECONOMY TYPESTTING CO.
244 Harlem Plare
Los Angeles, California

## אינהאַלט פאַרצייכנט:

**חיים סאלאמאָן:**

אַ דראַמע אין צוויי אַקטן און אין אַכט סצענעס געבויט אויף היסטאָרישע פאַקטן פון יידישן לעבן אין אַמעריקע.

**מרים'ס חלום:**

אַ פּראָבלעם דראַמע פון איצטיקן יידישן לעבן אין אַמעריקע אין צוויי אַקטן און אין זעקס בילדער.

●

עס זיינען גרייט צום דרוק פון דעם מחבר:

### דראַמען:

אויף פרעמדער ערד

אחספר און דער אַריער

די מוטער

בטחון

דער יידישער פּאָליציאַנט

ווען אַ חלום ווערט אַ ווירקלעכקייט

### אַ ראָמאַן:

דער רענעגאַט.

אַ בוך שפּריכווערטער, חכמות, אידיאָמען.

# CHAIM SALOMON

and

# MIRIAM'S DREAM

***TWO DRAMATIC PLAYS***

By JACOB SINGER

---



---

הילע געצייכנט פון דעם אַרטיסט דוד גערשוני

---



PRINTED IN U.S.A.

Typestting and Make-up
ECONOMY TYPESTTING CO.
244 Harlem Plare
Los Angeles, California

# אינהאַלט פאַרצייכנט:

**חיים סאלאמאָן:**

אַ דראַמע אין צוויי אַקטן און אין אַכט סצענעס געבויט אויף היסטאָרישע פאַקטן פון יידישן לעבן אין אַמעריקע.

**מרים׳ס חלום:**

אַ פּראָבלעם דראַמע פון איצטיקן יידישן לעבן אין אַמעריקע אין צוויי אַקטן און אין זעקס בילדער.

●

עס זיינען גרייט צום דרוק פון דעם מחבר:

## דראַמען:

אויף פרעמדער ערד
אחספר און דער אַריער
די מוטער
בטחון
דער יידישער פּאָליציאַנט
ווען אַ חלום ווערט אַווירקלעכקייט

## אַ ראָמאַן:

דער רענעגאַט.

אַ בוך שפּריכווערטער, חכמות, אידיאָמען.

מיין האַרציקער פרוי, אליאַן,
חידמע איך דאָס בוך אַלס מתנה.
זאָל איר גאָט אויך שענקען
אַ סך יאָרן, געזונט און נחמה.

# עטלעכע ווערטער פון דעם מחבר

„חיים סאלאמאָן" איז די איינציקע דראַמע אויף דער טעמע. זי איז געבויט אויף די פּאַקטישע פּאַסירונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען צווישן די יאָרן 1776־78. דאָס זיינען געווען די שווערסטע יאָרן אין די 13 קאָלאָניעס אין זייער רעוואָלוציע פאַר אומאָפּהענגיקייט פון ענגלאַנד, פאַר אַ דעמאָקראַטישע, פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע.

די קליינע צאָל ייִדן וואָס האָבן דעמאָלט געוואוינט אין די קאָלאָניעס, האָבן, כמעט אַלע, גענומען אַ טיכטיקן אנטייל אַלס פּאַטריאָטן, סאָלדאַטן און ציווילע בירגער. לויט דער אלגעמיינער באַפעלקערונג, איז דער ייִדישער בייטראַג געווען אַ גאַנץ גרויסער. די ייִדישע יונגע־לייט האָבן זיך שטאַרק אויסגעצייכנט אויף די פראָנטן. עס זיינען אויך געווען אַזעלכע ייִדן וואָס זיינען געווען סימפּאַטיש צו דער ענגלישער הערשאַפט. זייער צאָל איז אָבער געווען אַ נישטיקע און זייער אַקטיוויטעט, האָט קיין שום באַדייטונג ניט געהאַט. אין אלע אמעריקאַנער ביבליאָטעקן זיינען פאַראַן ביכער וועגן דעם.

אין יאָר 1944 האָט מאָריס שווארץ געזאָלט שטעלן אין ניו־יאָרק „חיים סאלאמאָן". אראנזשירונגען זיינען געמאַכט געוואָרן און עס זיינען אפילו דערשינען אַרטיקלען אין די ניו־יאָרקער ייִדישע צייטונגען וועגן מאָריס שווארצעס פּלענער. די דראַמע איז ניט געשטעלט געוואָרן.

דעם זעלבן מזל האָט אויך געהאַט די צווייטע דראַמע, וועלכע איז פאַרעפנטלעכט אין דעם בוך, „מרים׳ס חלום".

צוליב (פּערזענלעכע) פינאַנציעלע סיבות און אויך צוליב דעם איצטיקן מצב פון דעם בעסערן ייִדישן טעאַטער אין אמעריקע, האָבן זיך די הענט ניט געלייגט צו פאַרעפנטלעכן אין בוך־פאָרעם, דראַמעס אויף ייִדישע טעמעס.

איצט אָבער, צו דער געלעגנהייט, וואָס די ייִדישע באַפעלקערונג אין אַמעריקע פייערט 300 יאָר ייִדיש לעבן אין די פאַראייניקטע

# חיים סאלאמאן

שטאַטן, האָבן חברים און פריינט מיך צוגערעדט אַז איך זאָל אַרויסגעבן, כאָטש איין בוך, פון אַלע מאַנוסקריפּטן וואָס ליגן בא מיר אין שופלאַד.

איך דאַנק אַלע מיינע פריינט, וועלכע איך האָב ברוך השם, אַ שפּאָר ביסל. עס וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ אויסצורעכענען אַלע זייערע נעמען. אָט די אַלע חברים דאַנק איך פאַר זייערע אָפּנהאַר־ציקע, דערמוטיקונגס רייד און אויך פאַר דעם, וואָס זיי האָבן מיט געטריישאַפט געהאָלפן פאַרשפּרייטן דעם בוך. דער עיקר: דאַנק איך דעם באַוואוסטן שריפטשטעלער, ש. מיללער; דעם גוט באקאנטן און באַליבטן דיכטער, ה. רויזענבלאַט; דעם דיכטער, עסייאיסט, מאַטעס דייטש; דעם כלל־טוער און שרייבער, י. פרידלאנד; דעם מענעדזשער פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן, איזידאָר סטענזער — פאַר זייער חברשער און פריינטלעכער קאָאָפּעראַציע. א ספּעציעלן דאַנק דער לערערין, חנה מילנער, פאַר העלפן מיר, לייענען די קאָרעקטורן.

## קאָסטיומען.

די מענער טראָגן דריי עקיקע (המן טאַשן) ברוינע אָדער שוואַרצע היטלעך. איניקע טראָגן אויך האָלענדישע, ברייטע קאַפּעליושן אָדער צילינדערס פון יענער צייט. ווייס־געמאַרשטשעטע האַלדז טיכלעך הענגען אַרויס אויף דער ברוסט. לאַנגע וועסטן מיט גאָלד אָדער זילבערנע קנעפּלעך. גאָלדענע קייטל דיגערלעך. פראַקן מיט ברייטע קעשענע־קליאַפּעס, ווייסע, אויסגעהאַפטענע שפּיצן הענגען אַרויס פון די אַרבל. שמאָל געפּאַסטע הויזן, ביז די קני, פאַרבונדן מיט זיידענע שלייפלעך. ווייסע זאָקן און שיך, מיט זילבערנע באַקלס. די מיליטער לייט, טראָגן מערסטנס שטיוול. פיל פון די באַנוצן טאַבאַק פּושקעס און ליולקעס. איניקע גייען אויך מיט שטעקנס.

איניקע יידן טראָגן קליידער פון דייטש, האָלענדעשן סטיל, פון יענער צייט: ברייטע, ווייסע קאָלנערס אויסגעלייגט איבער די רעק, שוואַרצע, ברייטע קאַפּעליושן. די אַמעריקאַנער קליידער דינען אין ענגלישן סטיל פון יענער צייט: שאַרפע קאָלירן. די קאָנטראַסטן למשל, פון דעם ראָק און וועסט און הויזן, דינען דיער שטאַרק.

גענעראל קלינטאָן טראָגט זיידענע זאָקן ביז די קני און ברוינע שיך מיט זילבערנע באַקלס. קורץ געפּאַסטע, פּורפּור הויזן מיט שלייפעלעך לעבן די קני. אַ ווייס, געפאַלדעט העמד. אַ בלויע, לאַנגע וועסט מיט גאָלדענע קנעפּ. אַ געל, זיידענעם פראַק, אויסגעהאַפטן מיט גאָלד און זילבער. אויף די פּעטלעך פון די קעשענעס איז אויסגעהאַפטן דער אות „ק“ וואָס דאַרף זיין דער ערשטער בוכשטאַב פון זיין נאָמען. אַ ווייסן פּאַרוק. אַ געהאַפטן נאָז טיכל. אַ קייט און זייגער אין דער וועסט. דאָס פּנים שטאַרק געפּודערט. זיינע מאַניערן זיינען אויסגעצויגן און אַריסטאָקראַטיש.

די בריטישע זעלנער טראָגן רויטע מונדירן מיט ווייסע פּאַסן אויף דער ברוסט און איבער דער פּלייצע. שטיוול און לאַנגע ביקסן, רויטע היטלעך מיט אַ שפּיץ אין מיטן, געפּוצט מיט געל און גאָלד בײַ די זייטן. גאָלדענע קנעפּ אויף די מונדירן.

די אַמעריקאַנער גענעראַלן, אַריינגערעכנט וואַשינגטאָן טראָגן

קורצע שטיוול און געפּאסטע הויזן ביז די קני. בלויע מונדירן גאָלדענע און זילבערנע קנעפּ. מעדאלן און עפּאָלעטן. וואַשינגטאָן האָט שליפעס מיט טראָלדזן. אויף די דריי עקיקע היט זיינען דאָ קאָקארדעס בא דער רעכטער זייט. די היט זיינען אויך געפּוצט מיט גאָלד באַ די ברעגן. שווערדן און רעוואָלווערן. וואשינגטאָנס פלאַשטש איז פון טונקל בלויען קאָליר. דער אונטערשלאק איז פון רויטן קאָליר. די אָפיצערן טראָגן אויך פּארוקן.

די אמעריקאָנער זעלנער טראָגן פארשיידענע קליידער: ציווילע און מיליטערישע. די מערסטע טראָגן ציווילע. זיי זיינען זייער אָפּ־געריסן. אַנדערע טראָגן אפילו אינדיאַנישע לעדער רעקלעך.

די פויערטעס טראָגן לאנגע קליידער מיט ווייסע פארטעכער און קופקעס אויף די קעפּ אין פּוריטאנישן און האָלענדישן סטיל, פון יענער ציים.

די יידישע פרויען און ענגלישע דאמען, טראָגן לאַנגע, געפאל־דעטע באל־קליידער, מיט הויכע טאליעס פון פארשיידענע שארפע קאָלירן. געפּודערטע האָר און לאנגע לאָקן ארונטערגעהאנגען בא דער זייט. אייניקע טראָגן ברייטע היט.

די קינדער טראָגן די זעלבע קליידער און די זעלבע מאָדעלן וואָס די דערוואַקסענע.



## פּ ע ר ז אָ נ ע ן :

חיים סאלאמאן, אַ שיין געבויטער מאַן, פון אַ יאָר 34.
רחל, זיין ווייב, אַרום 26 יאָר אַלט.
משה פּרענקס, רחל׳ס פּאָטער, אַ ייד פון אַ יאָר 50.
אריה ברזל, אַ ייד אַ פּעדלער, אַרום 80 יאָר אַלט.
סעמיועל, זיין אייניקל, אַ קיילעכיקער יתום פון אַ יאָר 13.
חצקל, סאלאמאנס קוטשער. אַ שווערער ייד פון אַ יאָר 42.
רב צדוק. אַ ייד אַ מעקלער.
מיסטער ספּירס, אַ מיטגליד פון די „סאנס אָוו ליבערטי״.
מיסטער סיימאָן, נאָך אַ מיטגליד פון די „סאנס אָוו ליבערטי״.
אַ בריטישער סארזשאנט.
צוויי בריטישע זעלנער.
צוויי בריטישע שפּיאָנען.
גענעראל קלינטאָן, פירער פון דער בריטישער ארמיי אין אַמעריקע.
מיסטער פּאסטער, אַ פּאַרמער. אין די יאָרן פון אריה ברזל.
מיסעס פּאסטער, זיין ווייב.
מיסעס מעקאָרמיק, אַ פּאַרמערקע.
מיסעס עווענס, אַ פּאַרמערקע.
דזשודיט, אַן אַמעריקאנער מיידל פון אַ יאָר 15.
דזשאָרדזש וואשינגטאָן.
גענעראל לינקאָלן.
דזשאָזעף ריד, וואשינגטאָנס פּריוואַט סעקרעטאַר.
קאָלאָנעל טילגהעם פון וואשינגטאָנס שטאַב.
קאָלאָנעל העמפּרייד פון וואשינגטאָנס שטאַב.
רב זעליג, אַן עלטערער ייד, דער שמש פון שול.
שמואל לייאָנס, אַ ייד וואָס האַלט מיט סאלאמאנען.
יצחק מנשה, אַ ייד אַן אַסימילאטאָר, האַלט מיט סאלאמאנען.
חזן, ניט לאַנג צוריק געקומען פון פּאָרטוגאַל.
רבי סייסעקס, דער רב פון דער פילאַדעלפיער געמיינדע.
מאיאָר בענדזשאמין נאָנעז, אַ יאָר 28. סאלאמאָנס אַ פריינט.
אַן אַמעריקאנער סארזשאנט אין וואַשינגטאָנס אָפיס, אויך דער קוריער.
יידן מתפּללים, יידישע פרויען, דאַמען און הערן. אַמעריקאנער סאָלדאַטן. בריטישע סאָלדאַטן. פּויערים און פּויערטעס.
אַ קאַטערינשטשיק, אַ שיכור און סתם מענטשן.

די האַנדלונג קומט פאָר אין אַמעריקע אין די שווערסטע יאָרן פון דער רעוואָלוציע. נעמלעך, אין די 78־1776.

## ערשטער אקט

### ערשטע סצענע

בא חיים סאלאמאן אין ביורא, אויף וואל סטריט, ניו־יארק.

### צווייטע סצענע

א ווינקל פון א גאס אין ניו־יארק.

### דריטע סצענע

בא דעם בריטישן גענעראל קלינטאן אין ביורא, ניו־יארק.

### פערטע סצענע

אין א טורמע צעל. שפעט אין אוונט, אין זעלבן טאג, אין ניו־יארק.

---

## צווייטער אקט

### ערשטע סצענע

אין מיטן וועג, ניט ווייט פון פילאדעלפיע

### צווייטע סצענע

דזשארדזש וואשינגטאנס קווארטיר אויפן פראנט

### דריטע סצענע

ערב יום־כיפור, בא חיים סאלאמאן אין עס־צימער.

### פערטע סצענע

יום כיפור, פאר כל־נדרי, אין א פילאדעלפיער שול.



## ערשטער אקט

### ערשטע סצענע

בא חיים סאלאמאן אין אפיס, אויף וואל סטריט אין ניו־יארק. א גרויסער צימער מיט מאהאגעני ווענט. ארטיסטישע בילדער און א גרויסער וואנט־זייגער הענגען אויף די ווענט. א גרויסע קאנדע־לאבריע הענגט ארונטער פון סופיט. עטלעכע מאהאגעני שטולן און א גרויסער שרייב־טיש אויף וועלכן עס ליגן אנגעלייגט צייטונגען, ביכער, פאפירן, טינט און פעדער, א לאמפ און נאך אנדערע שרייב געצייג. אויף ביידע זייטן פון קאמין דינען פאראן צוויי גרויסע פענצטער מיט פארהאנגען און גארדינען. אויפן דיל ליגט א שיינער טעפיך. צוויי טירן: איינע פירט אריין אין א צווייטן צימער און די צווייטע, פירט אריין פון גאס. נעבן דער טיר פון דער גאס שטייט א הענגער, אויף־צוהענגען די קאפעליושן און מאנטלען.

ווען דער פארהאנג עפנט זיך, איז דער צימער ליידיק. עס איז אכט אזייגער אין דער פרי. די זון שיינט אריין דורך די פענצטער. באלד הערט מען ווי חיים סאלאמאן שליסט די טיר. ער גיט א קום אריין און קוקט אויפן וואנט־זייגער. ער טוט אויס די שווארצע פעלע־רינע און דעם הוט און הענגט זיי אויף אויפן הענגער. שטעלט אוועק דעם שטעקן. ער איז א שיינער, הויכער מאן מיט צוגעשוירענע באקן־בארדן. ער גייט צו צום שרייב־טיש און קוקט אריין אין די פאפירן. גייט איבערן צימער אביסל אומרואיק. מיטאמאל, גיט א קום אריין אריה ברזל מיט א זאק אויף די פלייצעס. ער בלייבט שטיין בא דער טיר א ווילע. מען דערקענט אז ער איז פארמאטערט און פארשטויבט. ער קומט פון א ווייטן וועג צוגיין. ער נעמט ארונטער דעם זאק פון דער פלייצע און זיפצט אפ. סאלאמאן לויפט אים אנטקעגן מיט א ברייטן שלום עליכם:

**סאלאמאן:**

גוט מארגן רב אריה! וואס פאר א גוטע בשורות האט איר גע־בראכט?

**אריה:**

גוט מאָרגן, גוט יאָר. (נעמט אַרויס פון בוזעם קעשענע אַ בריוו און דערלאַנגט אים צו סאלאמאָנען. נעמט דעם זאַק צו זיך און זעצט זיך אוועק אויף א שטול בא דער דיש. זיפצט און קרעכצט. קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטן).

**סאלאמאָן:**

(כאַפּט דעם בריוו. רייסט אויף שנעל אויף דעם קאָנווערט. גייט צום שרייב־טיש און הייבט אָן לייענען פאַר זיך, שטילערהייט. זיין פנים שטראַלט פון פרייד. נאָכן לייענען ווענדט ער זיך צו אריהן). **אָט אויף דעם בריוו האָב איך געוואַרט, ווי מען וואַרט אויף משיח'ן.** (לייגט אריין דעם בריוו אין שופלאָד פון שרייב־טיש און דערנענטערט זיך צו אריה'ן). **אזוי... אזוי... איז וואוהין גייט איר איצט, רב אריה?**

**אריה:**

**קיין מערילאַנד, צו מיין זון, חיים. שוין א שפּאָר ביסל יאָרן ניט געזען די קינדער... מיין אייניקל** (שמייכלט)**, איז שוין אוודאי א חתן־בחור . . .**

**סאלאמאָן:**

(מיט פרייד) **גאָט האָט אייך, רב אריה, צוגעשיקט, ווי א מלאך פון הימל. ניט נאָר האָט איר מיר געבראכט גוטע נייעס, נאָר, איך דאַרף טאַקע איבערשיקן צו איזיק מאירן עטלעכע בריוו. ער זאָל זיי באַזאָרגן צו מיינע טאַטע מאַמע אין פוילן...**

**אריה:**

**צו איזיק מאירן אין באַלטימאָר? נו, גוט... איך גיי טאַקע אהין . . .**

**סאלאמאָן:**

(גיט א סיפן זיפץ. זעצט זיך לעבן דעם אלטן אויף א שטול) **נו, דערציילט עפּעס, רב אריה, וואָס הערט זיך עפּעס אויף דער גרויסער וועלט? . . .**

**אריה:**

(זיפצט) **גאָטס וועגן זיינען פאַרבאָרגן! נישט גוט! נישט גוט!...**

**סאלאמאן :**

וואָס דענקט איר, אונדזערע וועלן מנצח זיין? . . . האַ? . . .



**אריה:**

(שאָקלט מיטן קאָפּ. מאַכט זיך גלייך די באָרד). **מיט גאָטס הילף!**

**סאלאמאָן:**

(אַביסל אומרואיק, ווי צו זיך אַליין). **אַ האַרטע נוס צו צעקייען!** (גייט איבערן צימער. רעדט צו זיך אַליין). **איינמאָל באַשלאָסן צו גיין,** (צו אריה'ן), **דאַרף מען גיין גלייך, מוטיק, שטאָלץ און וואָס שנעלער!**

**אריה:**

(רעדט אָפּגעהאַקטע ווערטער, ווי צו זיך אַליין. ער זעט ווי סאלאמאָן איז אין אַ שלעכטער שטימונג און שפּאַנט איבערן צימער). ה' יצליח דרכך . . . וואָלטן כאָטש מיינע פיס געדינט . . . (צו סאלאמאָנען) **אונדזער גוף און נשמה ווערט תמיד געפּייניגט...** (זיפצט). **וועלן מיר כאָטש האָבן די זכיה צו זען דאָס נייע לעבן, ווי משה רבנו, דאָס נייע לאַנד? . . .**

**סאלאמאָן:**

(גיט זיך אַ שטעל אָפּ מיטן פנים צום אַלטן, שמייכלט). **מיר ווינען ניט אַזוי הייליק, רב אריה! .**

**אריה:**

**אַבער, עד מתי? . . . ווי לאַנג וועט עס נאָך נעמען? . . . עס איז דאָך אַ שרפה! . . .**

**סאלאמאָן:**

(רעדט שטאַרק מיט האַרץ). **מיר דאַכט, אַז עס איז גוט אַזוי, וואָס עס ברענט! זאָל אויסברענען דאָס שלעכטע! אַ פאָלק קען אייביק אַזוי ניט לעבן! . . .**

**אריה:**

**יאָ, מיין זון, אַ פאָלק מוז בויען! בויען מוז אַ פאָלק, אויב עס וויל לעבן! . . .**

**סאלאמאָן:**

**אַז מען לאָזט ניט, מען לאָזט ניט, רב אריה! . . .**

**אריה:**

(שטעלט זיך אויף און גלייכט שווער אויס די פיס. צו זיך אליין). אימת מות פאַלט אויף מיר, אַז איך דערזע דאָס חיל מיט די רויטע **מונדירן!...** (גייט איבערן צימער און זיפצט). **שערי שמים פתח... יאָ! . . .**

**סאַלאַמאָן:**

(קוקט אויפן דינער). **נו, רב אריה, מיר דאַרפן אַרבעטן! איר**ווילט דאָך אוודאי זיך אויסרוען פון וועג. (פירט אים צו צום פענצטער און וויזט אַרויס). **גייט, זייט מוחל, אַריבער אין יענער אכסניה. איך וועל פאַר אַלץ באַצאָלן!**

**אריה:**

(נעמט דעם זאַק מיטן שטעקן און קלייבט זיך צום גיין). **יאָ, אַ דור הפלגה לעבן מיר איבער . . . אַ דור הפלגה! . . .**

**סאַלאַמאָן:**

(באַגלייט אים צו דער טיר). **איידער איר וועט אַוועקגיין, פאַרגעסט ניט אַריינצוקומען, רב אריה. וועל איך אייך מיטגעבן די בריוו צו אייזיק מאיר'ן.** (הייבט אָן אַריינגיין אין צווייטן צימער. מיטאַמאָל גיט זיך אָן עפן די גאַס־טיר. ער בלייבט שטיין. עס קומט אַריין חצקל, זיין משרת).

**חצקל:**

(ביי דער טיר נאָך. מיטאַמאָל) **באַלעבאָס!** (בלייבט אין אַ פאַרלעגענהייט) **באַלעבאָס לעבן,** (גייט צו נעענטער, קראַצט זיך אין קאָפּ). **איר זענט דאָך באַקאַנט דאָרט.** (וויזט מיט דער האַנט אין דער הויך). **זעט אַז זיי זאָלן מיך צונעמען פאַר אַ זעלנער! . . .**

**סאַלאַמאָן:**

(שמייכלט און דרייט זיך אויס). **וואָס איז אייך פלוצים איינגעפאַלן?**

**חצקל:**

(ווערט אַביסל מער מונטער. דערנענטערט זיך צו סאַלאַמאָנען, וואָס האַלט די קליאַמקע פון דער טיר אַריינצוגיין). **איר פאַרשטייט? איך קען ניט זיצן אַזוי אַ** (מאַכט מיט די הענט און מיט גרימאַסן אויפן פנים), **און צוזען ווי די זעלנער, וואָס זיינען אויסגעפּוצט אין עסיק און האָניק ווי די פּאַניענקעס און באַלעבאַטעווען דאָ . . .** (מאַכט אַ פויסט). **איך וואָלט זיי געוויזן! . . .**

**סאַלאַמאָן:**

(שמייכלט און ליגט אַרויף די האַנט אויף חצקל'ס אַקסל). **צוריקגעשמועסט, איז דער געדאַנק גאָרניט אַזאַ שלעכטער. עס איז בעסער צו טראָגן אַ ביקס אין דער אַמעריקאַנער פריהייטס אַרמיי, ווי אַ געלע לאַטע אין דייטשלאַנד. נאָר ניט איצט, חצקל. ניט איצט! אָן**



אַנדערש מאָל וועלן מיר ריידן וועגן דעם. (גייט אַריין אין צווייטן צימער).

**חצקל:**

(בלייבט שטיין אַ דערשלאָגענער. צו זיך אַליין). **ניט איצט . . . ניט איצט . . .** (קראַצט זיך אין קאָפּ. דרייט זיך אויס. דערזעט ווי אריה דערנענטערט זיך צו דער טיר, גיט ער זיך אַ ווענד צו אים). **איי, איי, רב אריה, אַז ס'איז ניטאָ קיין מזל, דאַרף מען ניט קיין יאָרן! . . .**

**אריה:**

(לאָזט אַראָפּ דעם זאַק לעבן די פיס און בלייבט שטיין אין מיטן צימער). **וואָס איז! . . .**

**חצקל:**

(רעדט שווער). **איך בעט מיך באַ זיי** (וויזט אויף דער טיר), **נעמט מיך צו . . . ווי באַ גזלנים בעט איך מיך! . . . און זייז** (בלאָזט זיך אָן) **צו שווער בין איך? איר הערט, רב אריה, אין דער היים, ווען עס איז געווען אַ פייער אין שטאָט, אַז איך האָב זיך געגעבן אַ טו אָן מיין מעשענע קאַסקע מיט דעם פּאַס און דאָס העקל אויף דער זייט. בין מיר געזעסן אויפן פערד** (גיט זיך אַ גלייך אויס און גלייכט אויך אויס די ברייטע באָרד), **האָב איך דאָך אויסגעזען ווי אַ פּאָלקאָווניק!** (מיט מער באַגייסטערונג). **ווי אַן אמת'ער פּאָלקאָווניק האָב איך אויסגעזען! איר זאָלט געווען זען ווי איך האָב אַ קאָמאַנדעווע געטאָן צו עוזר וואַסערפירער וואָס איז געזעסן אויפן פעסל וואַסער און געוואַרט אויף מיין אוקאַז! פּאַשאָל, האָב איך אַ געשריי געטאָן! . . . איר קענט פרעגן דעם באַלעבאָס! . . .**

**אריה:**

(שמייכלט אין די וואָנסעס אַריין, חצקל זאָל ניט זען). **וואָס, איר קענט מיסטער סאַלאַמאָנען פון דער היים?**

**חצקל:**

(מיט גאווה). **וואָס, איר ווייסט גאָרנישט? אַ שיינע מעשה! מיר זיינען דאָך צוזאַמען אויפגעוואַקסן געוואָרן!**

**אריה:**

**איר זייט אייגענע? קרובים? . . .**

**חצקל:**

(מיט מער מוט). **צי מיר זיינען אייגענע, פרעגט איר? אַ שיינע מעשה! מיין טאַטע האָט דאָך צו זיי געטראָגן וואַסער! איר הערט, זיין מוטער פלעגט באַ קיינעם ניט וועלן קויפן קיין הינער, נאָר באַ מיין מאַמען, זאָל רוען אין ליכטיקן גן עדן . . . איצט פאַרשטייט איר**

שויך!... (גיט אַ כאַפּ סאַלאמאַנס שטעקן וואָס שטייט בא דער טיר, אַליגט אים אַרויף אויפן אַקסל ווי אַ ביקס). זעט איר שוין ווער איך בין? גיט אַ קוק ווי איך וואָלט מאַרשירט (הייבט אָן גיין איבערן צימער ווי אַ סאָלדאַט מיט שרעקלעך, אומגעלומפּערטע, שווערע טריט). שאַ־גאָם... מאַרש!... ראַז, דוואַ, טרי!... לעווֹאַ... (ער מאַרשירט הין און צוריק וואָס אַמאָל מיט מער עקסטאַז. שטאַרקער און שטאַרקער)

**אריה:**

(שטייט בא דער טיר. קראַצט זיך אין קאָפּ. הייבט די פּלייצעס שמייכלט און גייט שטילערהייט ארויס פון דער ביורא).

חצקל מאַרשירט אַלץ. סאַלאמאַן קומט אריין מיט גשוויסטע ביכער אונטער דעם אָרעם. ער דערזעט ווי חצקל מאַרשירט אַזוי, בלייבט ער שטיין פאַרגאַפט און לאַכט זיך פאַנאַנדער. חצקל באַמערקט דאָס ניט. ער מושטירט זיך ווייטער. גיט זיך מיטאַמאָל אַ צילשווע מיט דעם שטעקן סאַלאמאַנען אין פּנים אַריין. סאַלאמאַן דרייט אַוועק דעם קאָפּ. ווי חצקל דערזעט דאָס, בלייבט ער שטיין אַ פאַרשעמטער. טראָגט דעם שטעקן צוריק צו דער טיר און מורמלט עפּעס אונטער די וואָנ־סעס צו זיך אליין.

**חצקל:**

נאָ, יאָאָאָ . . .

**סאַלאמאַן:**

(נאָך אַלץ שמייכלענדיק. דערלאַנגט חצקלען דאָס בוך און דער־נעענטערט זיך צום שרייב־טיש). דעם בוך וועל איך וועלן, אַז איר זאָלט אָוועקטראָגן צו מיסטער בליקער . . .

**חצקל:**

(אַביסל בייז). ניט איצט, איצט האָב איך קיין צייט ניט. מען דאַרף אָנפּאָיען די פערד פריער. דאָס איז בילכער. (אָפּ דורך דער גאַס־טיר).

סאַלאמאַן, נאָך אַלץ שמייכלענדיק, לייגט אַוועק דעם בוך אויפן שרייבטיש און זעצט זיך אַוועק. נעמט אַרויס דעם בריוו וואָס אַריה האָט געבראַכט און לייענט אים שטילערהייט. זיין פּנים בייט זיך, ער זעט אויס אַביסל פאַרזאָרגט. עס גיט אַ קום אַריין מיט אַ געבייזער, זיין שווער, משה פרענקס. סאַלאמאַן גיט אַ קוק אויף אים און לייענט ווייטער דעם בריוו. משה פרענקס, נאָך דייענדיק בא דער טיר, שרייט אויס מיט כעס:



**פרענקס:**

וואָס קומט פאַר צווישן אייך ביידן ?! דערנעענטערט זיך). וואָס וויינט זי שוין ווידער ?!

**סאַלאמאַן:**

(ענטפערט ניט. ער איז פאַרטיפט אין לייענען).

**פרענקס:**

(קומט צו נעענטער צום טיש). ווי עס זעט אויס, האָט זיך צווישן דיר און רחל'ען אוועקגעשטעלט אַ פאַרשלאָסענע טיר און איינער קען צום אַנדערן ניט צוקומען !

**סאַלאמאַן:**

(לייגט צוריק אַוועק דעם בריוו אין שופלאד און קוקט אויף די פּאַפּירן אויפן טיש). איך טראַכט אויך אַזוי. איצט איז אָבער ניט די צייט צו רעדן וועגן דעם.

**פרענקס:**

(מיט כעס). ניט איצט ?! . . . טאָ ווען דען ? . . . אַ מענטש שטייט מיט געזונטע פיס אויף האַרטער ערד! אַ לויטערער הימל ציט זיך איבערן קאָפּ! אַ יונגע, ליבע פרוי מיט אַ זויגיק קינד בא דער ברוסט (דערנעענטערט זיך צו סאַלאמאַנען). ווען אַ קינד איז הונגעריק, ווייסט עס ניט פון דעם טאַטנס פּלענער! (גייט איבערן צימער פאַרלייגט די הענט אויף הינטן. ער איז אויפגערעגט). און ער — ניט איצט איז די צייט צו רעדן !

**סאַלאמאַן:**

(אומרואיק). רעדט ניט אַזוי, שווער. איך בעט אייך. איך האָב באמת ניט געוואוסט אַז מיינע האַנדלונגען וועלן אייך באַאומרואיקן. איר אַלס ייד, וואָלט אַנדערש געדאַרפט טראַכטן.

**פרענקס:**

(בלייבט שטיין אין מיטן צימער, נאָך אַלץ אויפגערעגט). איך וועל דיר דערקלערן, חיים — דיין ווייב איז מיין קינד. פאַרשטייסט מיך באַאומרואיקט עס! דיך אַרט ניט אַז דיין קינד זייגט אַ ווייענדיקע ברוסט ! . . .

**סאַלאמאַן :**

(גיט זיך אַ שטעל אויף). מיין קינד און מיין פרוי וועל איך אַליין פאַרזאָרגן. וועגן דעם דאַרפט איר זיך ניט דאגה'ן. (זעצט זיך צוריק אַוועק).

**פרענקס:**

(זעצט זיך אויף אַ שטול נעענטער צו סאלאמאַנען, לעבן שרייבטיש). זיצט זיך אַ מענטש אויף וואָל סטריט אין אַ קאַבינעט און בויט נייע וועלטן. דאָס איז זייער שיין. דערווייל ביסטו אַ ייד און אַ טאַטע פון אַ קינד . . .

**סאלאמאַן:**

דאָס וועט די צייט באַווייזן! די פרייהייט קומט אָן און מיר יידן דאַרפן זי צוכאַפּן מיט ביידע הענט . . .

**פרענקס:**

חיים, מען גיסט ניט אַרויס דאָס אומריינע וואַסער, ביז מען האָט ניט קיין ריינס . . . באַקלער זיך, חיים!

**סאלאמאַן:**

(קוקט אים גלייך אין די אויגן אַריין). איר פאַרשטייט מיך זייער שלעכט, מיין ליבער פאָטער. איך וועל מיך מיט מיינע אידעאַלן ניט באַהאַלטן און וועל זיי אויך ניט אויפגעבן! ווי עס זעט אויס, האָט מיך דער שיקזאַל פאַרבונדן מיטן לעבן. צוליב מיינע איבערצייגונגען בין איך פאַרטריבן געוואָרן פון מיינע עלטערן און פון מיין היים. צוליב זיי געפין איך זיך איצטער דאָ, אין ניו־יאָרק. דאָס איז מיין לעבן! (שטעלט זיך אויף און גייט איבערן צימער אַ פאַרטראַכטער). באַ אייך און אייערס גלייכן איז דער גאַנצער זין פון לעבן, דער פערזענלעכער געניוס. דעריבער איז אייך שווער, מיך צו פאַרשטיין.

**פרענקס:**

(שטעלט זיך אויף און גייט אַקעגן סאלאמאנען). אין חדש תחת השמש! קיין נייעס האָסטו ניט געזאָגט און קיין נייעס וועט איר ניט באַשאַפן! דאָס גאַנצע לעבן לאַכט פון אייך און די וועלט איז בייז אויף אייך . . . דער קעניג דזשאָרדזש איז מעכטיק! . . .

**סאלאמאָן:**

(פאַלט אַריין אין די רייד). איר האָט אַ רעכט צו דענקען אַנדערש. אָבער סאַרקאַסטיש, אָפּלאַכן פון אידעאַלן אויף וועלכע מענטשן גיבן אַוועק זייער לעבן, דאַרף מען ניט און, אויפרעגען דאַרפט איר זיך אויך ניט. איבעריקס, מיין וועג איז אַ זיכערער . . .

**פרענקס:**

דו ווילסט מיך באַרואיקן, חיים? נו, געוויס! . . . יעדער איינער טוט ווי ער פאַרשטייט. נאָר זאָגן וועל איך דיר: עס איז



לייכטער צו פאַרקויפן אַ שיף מיט טאַבאַק, איידער איבערצומאַכן אַ וועלט!

**סאלאמאַן:**

נו, געוויס איז שווער איבערצומאַכן אַ וועלט. אָבער מיין ליבער פאָטער, דאָס לעבן אַליין, באַשטייט דאָך ניט מער, ווי פון יענע שמערצלעכע מאָמענטן, ווי דעם מענטשנס קאַמף פאַר אַ בעסער לעבן. דער אונטערשייד פון מיר ביז אייך איז: איר ווילט בלויז פאַרבעסערן דאָס פערזענלעכע גליק און איך זאָג: מיין גליק קען ניט זיין געזיכערט, אויב דאָס גאַנצע אַרומיקע לעבן איז ניט יושרדיק איינגעאָרדנט. דעריבער מוזן מיר, גלות יידן, פריער אַרבעטן לטובת הכלל און דערנאָך ערשט — פאַרן יחיד!

**פרענקס:**

(מיט אַ ביטערן שמייכל). אך, חיים, חיים! ביסט נאָך יונג, דעריבער פליסטו אין די הימלען . . . געדענק, איך וואָרן דיך אין צייט. אויב דו וועסט חס ושלום פאַלן, זאָלסטו ניט פאַלן טיף, אין אָפּגרונט. וויסן זאָלסטו, דאָס וואָס עס פליט הויך, מוז פריער אָדער שפּעטער אַראָפּקומען. דאָס אַראָפּקומען, מיין זון, איז פיל ערגער, ווי דאָס אַרויפפליען . . .

**סאלאמאַן:**

אַ מענטש דאַרף אויך קענען אַריבערקוקן זיין צייט. איבעריקנס, דער וואָס איז געבוירן געוואָרן צו קריכן, קען ניט פליען!

**פרענקס:**

ווי איך זע, קען איך דיך שוין ניט פאַרהאַלטן. צו ווייט פאַרקראָכן ביסטו. נאָר זאָגן וועל איך דיר: מיט געלט אין דער קעשענע קענסטו פליען אין די הימלען און דאָך ניט אַרונטערפאַלן. און אויב דו זאָלסט אפילו פאַלן, וועלן זיך שוין געפינען אַזעלכע, וואָס וועלן דיך אויפהויבן! מיט געלט, האָט זיך דער ייד אויסגעקויפט פון אַלע גזירות! (פאַרדרויכערט די ליולקע, זעצט זיך אַוועק אין אַ וויס און מאַכט זיך גלייך די באָרד זיינע).

**סאלאמאַן:**

(ווי צו זיך אַליין). אך, דער עגל הזהב. ער האָט געבראַכט אַלע אומגליקן אויף אונדזער פאָלק! (גייט צום שרייבטיש און זעצט זיך אַוועק שרייבן).

עס איז שטיל אַ ווײַלע. משה פרענקס זיצט פאַרלייגט אַ פוס אויף

אַ פּוס, רויכערט די ליולקע און לאָזט אַרויס וואָלקנס רויך. סאַלאַמאָן זיצט פאַרטיפט אין שרייבן. עס גיט אַ קום אַריין רב צדוק. זיין שפּיציק געל בערדל שטייט אין דער הויך. ער איז פאַרשמייעט און פאַרזאָרגט. ער וואַרט ניט אויף קיין איינלאַדונג, נאָר לויפט גלייך צו סאַלאַמאָנען צו. זיין גאַנג איז משונה׳דיק.

**רב צדוק:**

(גיט אַ שטרעק אויס די האַנט). אַ גוט מאָרגן, מיסטער סאַלאַמאָן! אַ גאָלדן געשעפט האָב איך פאַר אייך! אַ גאָלדן געשעפט, זאָג איך אייך! . . .

**סאַלאַמאָן:**

(גיט ניט די האַנט. שרייבט. רעדט מיט אַ שמייכל און קוקט ניט אויף צדוקן). וואָס איז שוין ווידער?

**רב צדוק:**

(בייגט זיך איבער, נעענטער צו סאַלאַמאָנען). איר פאַרשטייט, אויב עס מאַכט זיך עפּעס אַ גוטער מסחר, איז צו וועמען זאָל איך קומען, אויב ניט צו אייך? . . . (שמייכלט). איר זענט דאָך עפּעס, נו . . . ווי זאָל איך זאָגן? . . . רב חיים סאַלאַמאָן! . . .

**סאַלאַמאָן:**

(הייבט ניט אויף דעם קאָפּ). נו! . . .

**רב צדוק:**

איך האָב גערעדט מיט מענטשן, סוחרים מיין איך. זיי האָבן פיש. איר פאַרשטייט? פיש! . . . יידן האָבן ליב אַ שטיקעלע פיש אויף שבת . . . (רייבט זיך די הענט). אַ שטיקעלע לעבעדיקע קאַרפּ . . . מען דאַרף נאָר האָבן געלט. ניט מער! . . . (ווישט דעם שווייס פון פּנים).

**סאַלאַמאָן:**

(פאַלט אים אַריין אין די רייד). איז וואו זיינען די סוחרים און וואו זיינען די פיש?

**רב צדוק:**

די פיש . . . די פיש זיינען נאָך אין טייך! דערויף דאַרף מען דאָך האָבן געלט! . . . דערויף בין איך דאָך געקומען צו אייך! . . . מען דאַרף כאַפּן די פיש. אַריינטאָן די פיש אין באַליעס וואַסער און ברענגען די פיש צו די יידן קיין איראָפּע! . . . (גייט איבערן צימער אַ צעטראָגענער). איי, ווען איך האָב געלט . . .



**פרענקס:**

(גייט צו סאַלאַמאַנען און ווייזט אויף צדוקן). זעסט חיים, ער פליט אויך אין די הימלען! זאָגן וועל איך דיר, אַז אפילו יעקב אבינוס לייטער, אויף וועלכן די מלאכים זיינען געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ, איז אויך געשטאַנען מיטביידע פיס אויף דער ערד! (צו צדוקן) זאָגט מיר בעסער, רב צדוק, ווען וועט איר מיר אומקערן דעם חוב?

**רב צדוק:**

(קראַצט זיך אין קאָפּ). האָ, דעם חוב? . . . איך ווייס? . . .

**פרענקס:**

וואָס הייסט איר ווייסט ניט? טאָ ווער דען ווייסט?!

**רב צדוק:**

(בייזערט זיך). פון וואַנען זאָל איך וויסן?! איך בין דען אַ נביא, בין איך?! . . . (בלייבט שטיין און רעדט הויך אויפן קול, אַן אומצופרידענער). דער אומגליק מיט אייך אַלעמען איז, איר ווייסט ניט צו וואָס פאַר אַ געשעפטן זיך צו נעמען! . . .

**סאַלאַמאָן:**

(מיט אַ שמייכל). למשל? . . .

**רב צדוק:**

(דערנעענטערט זיך צו סאַלאַמאַנען מיט גרויסע טריט). למשל, זאָגט איר?! פרעגט מיך! . . . (הייבט אָן רעכענען אויף די פינגער. מען קען קויפן וואַלד, מען קען קויפן פיש! מען קען קויפן פעל! מען קען קויפן העמדער און שטיוול! מען קען קויפן אַ סך זאַכן! פרעגט נאָר מיך! איך וועל אייך שוין נאָרייצן! (אַביסעלע ווייכער צו סאַלאַמאָנען) איז וואָס זשע זאָגט איר, פאַניע סאַלאַמאָן? . . .

**סאַלאַמאָן:**

(ענטפערט ניט. ער איז פאַרטיפט אין שרייבן).

**רב צדוק:**

(גיט זיך אַוועקנד צו פרענקסן) און איר, מיסטער פרענקס?

**פרענקס:**

(דרייט זיך אָפּ פון אים). נישטאָ קיין געלט!

**רב צדוק:**

(שטאַרק אויפגערעגט). זאָגט זשע אַזוי! וואָס זשע האָט איר מיך

דאָ אויפגעהאַלטן?! האָט איר דאָך באַלד געקענט זאָגן, אַז איר האָט קיין געלט ניט! זאָגט זשע אַזוי, אַז איר זענט קבצנים! . . . האָסט געהערט אַביסל! . . . (לויפט צו דער טיר. גיט אַ כאַפּ די קליאַמקע אין האַנט. ער בלייבט שטיין אויפן שוועל. עס גיט אַ קום אַריין חצקל. ביידע באַגעגענען זיך פנים אל פנים. איינער באַטראַכט דעם צווייטן פון אויבן ביז אַראָפּ. צדוק גיך זיך אַ כאַפּ). שאַ! אפשר ווילט איר, חצקל! איכל אייך צונעמען פאַר אַ שותף! מען קען מאַכן מיליאָנען! מיליאָנען, זאָג איך אייך! . . .

**חצקל:**

(גיט אים אַ שטופּ אָפּ אין אַ זייט און גייט אַריין אין מיטן צימער). דאַכט זיך, אַז איר זענט דער מלך מלכי המלכים פון אַלע דלפנים!

(לאַכט הויך, אויף זיין באַסאָווער שטימע, פון זיין אייגענער חכמה וואָס ער האָט דאָ געזאָגט).

**רב צדוק:**

(גיט אַ מאַך מיט דער האַנט) איי! ווי עס זעט אויס, זענט איר אויך אַ קנאַפּער סוחר! (גייט איבערן צימער אַ צעטראָגענער און רעדט צו זיך אַליין). נישטאָ קיין סוחרים אין אַמעריקע. נישטאָ מיט וועמען צו האַנדלען! (גיט אַ לויף צו דער טיר און גייט אָפּ).

**חצקל:**

פאַרגעסט ניט, באַלעבאָס, אַז דריי אזייגער פאָרן מיר קיין מאנט וואָרנען.

**סאלאמאָן:**

חצקל, מען דאַרף אָוועקטראָגן דאָס בוך (ווייזט אויפן בוך וואָס ער האָט פריער אַריינגעבראַכט פון צווייטן צימער). צו מיסטער בלי־קערן!

**חצקל:**

(מיט אַ געבייזער). דאָס בוך האָט צייט צו וואַרטן. עס וועט ניט אַנטלויפן! איצט דאַרף איך גיין קויפן האָבער פאַר די פערד!

**סאלאמאָן:**

(דערלאַנגט חצקלען דאָס בוך. ער נעמט אים אומצופרידן און גייט אַרויס קראַצנדיק זיך אין קאָפּ. ער איז בייז וואָס מען פאַרדרייט אים אַ קאָפּ מיט ביכער, ווען די פערד זיינען בילכער. פאַרמאַכנדיק די טיר, מורמלט ער עפּעס אין די וואָנסעס אַריין).



**פרענקס:**

נאָר איין זאַך וויל איך דיר זאָגן, חיים . . .

דער געשפּרעך ווערט איבערגעריסן דורך די אַריינקומענדיקע געסט: מיסטער ספּירס און מיסטער סיימאָן. זיי הענגען אויף זייערע אויבערמאַנטלען אויף דעם הענגער. סאלאמאָן לויפט זיי אַנטקעגן און באַגריסט זיי. פרענקס באַטראַכט זיי מיט אַ בייזן בליק. ער זעצט זיך אַוועק אין אַ זייט. סאלאמאָן גייט צוריק צום שרייבטיש. מיסטער ספּירס גייט אים נאָך ביזן טיש. מיסטער סיימאָן גייט צום פייערקאַמין און הייבט זיך אָן שפּילן מיט די מעשענע געצייג, מיט וועלכע מען שאַרט די קוילן. שפּעטער צו, נעמט ער אַרויס אַ שיינעם רעוואָלווער פון דער קעשענע און שפּילט זיך מיט אים. ער קוקט פאַרשנדיק אויף משה פרענקסן.

**מר. ספּירס:**

(צו סאלאמאנען). מיר קומען ערשט פון אַ זיצונג וואו עס האָבן גערעדט מעקדוגל און ווילסאָן.

**סאלאמאָן:**

(רייסט אים איבער, אומגעדולדיק, מיט פרייד). נו?! . . .

**מר. ספּירס:**

די צייט איז געקומען. אונדזערע פאָדערונגען זיינען קלאָר: אַרויסגעבן די „סטעמפּס!" און פּיערלעך זיי פאַרברענען אין מיטן שטאָט! דאָס וועט זיין דער ערשטער שטויס אין ניו־יאָרק! דער אָנהויב פון דעם סוף!

**פרענקס:**

(גיט זיך אַ שטעל אויף און פאַלט אַריין אין די רייד מיט כעס): אייער איבערקערעניש, מיינע הערן, קען נאָך ברענגען גרויס שאָדן צו די, וואָס האָבן זיך אנשטענדיק אַרויפגעאַרבעט. מען דאַרף זיין זייער פאַרזיכטיק. דאָס פאָלק, אַז עס קריגט געוועהר אין דער האַנט אַריין, ווייסט עס ניט פון קיין גרענעץ! איך האַלט, אַז ניו־יאָרק דאַרף זיך דערווייל אָפּהאַלטן!

**סיימאָן:**

(שפּילט זיך מיטן רעוואָלווער). די איינציקע זאַך וואָס אַ פאָלק קען באַנוצן קעגן אַ טיראַן (ווייזט אויפן רעוואָלווער), איז פּולווער!

**פרענקס:**

איר מעגט מיר זאָגן וואָס איר ווילט! איך גלויב ניט אַז איר

זענט שוין שטאַרק געגוג, אַרויסצוטרעטן קעגן דער מעטראָפּאָליע.

**מר. ספּירס:**

לויט אייך קומט אויס, די לאַגע איז האָפענונגסלאָז!

**סאלאמאָן:**

(אומרואיק). מיינע הערן, ניט די געשיכטע און ניט די קומענדיקע דורות וועלן אונדז פאַרגעבן, אויב מיר וועלן האַנדלען ווי פייגלינגען.

**פרענקס:**

גענעראַל קלינטאָן איז אַ גרויסער סטראַטעג. דערצו האָט ער אַ גרויסע אַרמיי! . . .

**סאלאמאָן:**

(פאַלט אַריין אין די רייד. עס טרעפן זיך צייטן ווען די כוואַליעס פון דער געשיכטע הויבן זיך הויך און צייטן, ווען דער מענטש געפינט זיך אין שטורעם פון אָט אַ די כוואַליעס. אין אַזאַ צייט מוז דער מענטש האַנדלען! אָט, דער מענטשלעכער לעבנס געפיל, דאַרף היינט באַהערשן דאָס האַרץ פון יעדן קאָלאָניסט! איך פרעג אייך, מיינע הערן, צי דאַרפן מיר זיך אָפּזאָגן פון פאַרנעמען די פאָדערשטע פּאָזיציעס אין דעם פרייהייטס קאַמף?! אין אָט דעם קריטישן מאָמענט, ווען דאָס דאַנקבאַרע פאָלק שטייט פאַרזאַמלט הינטער אונדז, וועלן מיר זיך אַליין פאַרוואַנדלען אין אַ דעבאַטן־„סאָסייעטי״?! ניין, מיינע פריינט! מיר מוזן האַנדלען!

**מר. ספּירס:**

יאָ, דאָס זיינען צייטן פול מיט האָפענונגען! דאָס פאָלק וויל שלום און לעבן רואיק פון זיין אַרבעט!

**פרענקס:**

(אַביסל אַראָפּגעפאַלן בא זיך). מען דאַרף אָבער גוט אויסרעכענען, מיינע פריינט . . . גוט אויסרעכענען . . . פון געאיילטקייט, קומט קיין גוטס ניט אַרויס! . . .

**סאלאמאָן:**

(נעמט אַרויס דעם בריוו וואָס אריה ברזל האָט אים געבראַכט און לייענט). די „פרייוועטירונג״ מוז, מיט מער אָנשטרענגונג, פאַרגעזעצט ווערן. דעם שונאס שיפן טאָרן ניט דערגרייכן אונדזערע ברעגן. דאָס וועט אָפּשניידן די ענגלענדער פון נייע מיליטער אָפּטיילונגען, פּראָוויאַנט און געלט. (קוקט אויף די אנוועזנדע, וואָס פאַר אַן איינ־



דרוק עס מאַכט אויף זיי. לייענט ווייטער). אויב די שיפן זאָלן שוין יאָ דערגרייכן אונדזערע ברעגן, מוזן זיי דאָרט פאַרניכטעט ווערן . . . איך וועל מיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט בנימין סאָספּאָרטעס און מיט משה מעריסען. מיר וועלן שוין צוזאַמען . . .

**פרענקס:**

(פאַלט אַריין אין די רייד אַן אויפגערעגטער. רייסט זיך באַם קאָפּ). גאָט אין הימל! . . . דאָס וועט דאָך שטעלן אין געפאַר אונדזער גאַנצן האַנדל! . . .

**מר. ספּירס:**

באַרואיקט זיך, מיסטער פרענקס. באַרואיקט זיך. אַלץ וועט זיין רעכט. אַלץ וועט זיין רעכט . . .

**סיימאָן:**

(שפּילט זיך מיטן רעוואָלווער, אַז אַלע זאָלן זען). קיין שום פאָדערונגען וועלן מיר דער מאָנאַרכיע ניט שטעלן. אויף קיין שום קאָמפּראָמיסן וועלן מיר ניט איינגיין. צופיל צייט געפּטרט אויף אונטערהאַנדלונגען. די רעוואָלוציע וועט זיך ענדיקן דאַן, ווען אַ פולשטענדיקע, פרייע רעפּובליק וועט איינגעשטעלט ווערן אין די קאָלאָניעס.

**פרענקס:**

(זייער דערשלאָגן). ווי איך זע, בין איך דאָ גאַנץ איבעריק. איך וועל שוין גיין . . . (דערנעענטערט זיך צו דער טיר).

**סיימאָן:**

(ווייזט מיט די פינגער אויף די ליפּן צו פרענקסן). אָבער מיסטער פרענקס, עס דאַרף זיין שאַאַאַ! . . .

**פרענקס:**

(שטייענדיק בא דער טיר. ער איז באַליידיקט פון דער באַמערקונג). מיסטער סיימאָן, איך קאָן ניט איינשטימען מיט אייערע האַנדלונגען, אָבער קיין פאַררעטער בין איך ניט! (אָפּ מיט אַ קנאַק אין טיר).

**מר. ספּירס:**

(ווייזט אויף דער טיר, מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל). מיסטער פרענקס האָט מורא פאַר אַ פאָלקס־אויפשטאַנד. איך זאָג: אויב די רעוואָלוציע וועט פאָרקומען אָן אונדז, מיינע פריינט, די מאַסן וועלן זיך אַליין נעמען צום געווער, איז געדענקט מיינע הערן: קיין רחמנות

וועט דערמאָלט ניט זיין! אָט דאָס זיינען מעקדוגלס ווערטער. אָט אַזוי האָט ער גערעדט אויף דער זיצונג . . .

**סאלאמאָן:**

(ווייזט זיי דעם בריוו וואָס אריה האָט אים געבראַכט). אָט דעם בריוו האָב איך ערשט היינט דערהאַלטן. (עס דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר). שאַאַאַ! . . . (העכער) ווער איז דאָרטן?

**רחל:**

(פון יענער זייט טיר). איך, רחל . . .

סאלאמאן גייט שנעל עפענען די טיר. רחל קומט אַריין אַ דער־שראָקענע. זי בלייבט שטיין בא דער טיר און קוקט בייז אויף די געסט. ספירס און סיימאן נעמען זייערע מאַנטלען און היט פונם הענגער, פאַרנייגן זיך פאַר דער דאַמע און גייען אַרויס. סאלאמאן פאַרמאַכט די טיר הינטער זיי. רחל קוקט נאָך אַלץ בייז אויף דער טיר.

**סאלאמאָן:**

(מיט אַ דערפרייענדיקן שמייכל). וואָס ביסטו שטיין געבליבן אויפן שוועל? (נעמט איר אַרום).

**רחל:**

אפשר בין איך ניט געקומען אין דער ריכטיקער צייט? אפשר האָב איך איבערגעשלאָגן אייערע סודות?

**סאלאמאָן:**

(רעדט צאַרט צו איר). נישטאָ קיין סודות פאַר דיר, אין מיין האַרצן (קוקט איר אין פנים אַריין). זע ווי אויפגערעגט דו ביסט, באַ־רואיק זיך, מיין ליבע!

**רחל:**

(פאַלט אים אויפן האַלדז און צעוויינט זיך).

**סאלאמאָן:**

(גלעט איר די האָר, כדי צו באַרואיקן. עס איז שטיל אַ ווײַלע).

**רחל:**

(וויינענדיק). מע איז מיר נאָכגעגאַנגען . . . (ווישט אויס די אויגן און רעדט רואיקער). עס איז אַ נס, וואָס עס האָט זיך מיר איינ־געגעבן אַהערצוקומען אומבאַמערקטערהייט . . . (ווישט די אויגן). איך בעט דיך, חיים, דערלויב מיר צו בלייבן מיט דיר . . .



**סאלאמאָן:**

(פירט איר צו צו אַ שטול. זי זעצט זיך אַוועק. ער רוקט צו אַ שטול און זעצט זיך לעבן איר). וואָס דאַרפסטו זיך בעטן? זייער גלייך געטאָן וואָס דו ביסט געקומען.

**רחל:**

(רואיקער). וואָס האָבן דאָ געטאָן דיינע געסט? דו דערלויבסט זיי נאָך אַלץ אַריינצוקומען? וויניק האָסטו נאָך געליטן צוליב זיי?

**סאלאמאָן:**

(מיט געבעט) נו, וואָס זאָל איך טאָן

**רחל:**

(בייז. גיט זיך אַ שטעל אויף). גענוג! מער וועל איך ניט ליידן! ביז איצט האָב איך געשוויגן! (גייט אָפּ אין אַ זייט און רעדט ווי צו זיך אַליין). דו האָסט קיין רעכט ניט צו ריזיקירן מיט זיך, מיט מיר און מיט אונדזער קינד! (דערנעענטערט זיך צו אים). אַזאַ פּשוטע זאַך קענסטו ניט פאַרשטיין?! . . .

**סאלאמאָן:**

(גייט איר אַנטקעגן. וויל איר באַרואיקן). דו ביסט אַזאַ מאָדנע. דו ערגערסט זיך איבער יעדער קלייניקייט. (ווישט איר אויס די אויגן מיט זיין געהאָפטן טיכל). באַרואיק זיך . . . דערצייל בעסער, וואָס טוט אונדזער קינד איצט. שלאָפט ער? . . .

**רחל:**

ס'איז מיר אַ חרפה און אַ שאַנדע פאַר מענטשן און פאַרן טאַטן.

**סאלאמאָן:**

(פאַלט איר אַריין אין די רייד און רעדט שטרענג). מיך אַרט וויניק וואָס עמיץ וועט זאָגן! (שטעלט זיך נעענטער צו איר). הער, רחל, וואָס איך וועל דיר זאָגן: דיך און אונדזער קינד, האָב איך ליבער ווי די גאַנצע וועלט. אָבער די פרייהייט, נאָך ליבער פון אַלץ! דו ביסט אַ קלוגע און אַ געבילדעטע פרוי . . . טאָ לערן זיך אויס צו שעצן די פרייהייט און באַגיי ניט קיין פעלערן!

**רחל:**

פאַרוואָס האָסטו מיר עס פריער ניט געזאָגט, איידער מיר האָבן חתונה געהאַט?

**סאלאמאָן:**

(לאָזט איר ניט ענדיקן). נו, געגוג. ביסט געקומען זיך קריגן מיט מיר? . . .

**רחל:**

חלילה! איך וויל זיך ניט קריגן. אַז מען קריגט זיך, איז מען ניט גליקלעך. (זעצט זיך אויף אַ שטול, אַ ברוגזע און רעדט צו זיך אַליין). איך האָב זיך פאַרגעשטעלט, אַז אונדזער לעבן וועט זיין לויטער ווי קרישטאָל . . . דאָס איז אָפּנים אוממעגלעך . . .

**סאלאמאָן:**

(גייט צו נעענטער צו איר). עס איז יאָ מעגלעך, מיין טייערע. (זעצט זיך לעבן איר). דו לערן זיך אויס צו שעצן די מענטשן וואָס גיבן אַוועק זייער לעבן פאַר דער פרייהייט. זע וויפל יידן עס האָבן זיך פאַרשריבן אין דער פאַטריאָטישער אַרמיי. (ציילט אויף די פינגער) פון דזשאָרדזשיא, פון ווירדזשיניא, פון סאַוט־קאַראָליינא, פענסילוויי־ניע, ניו־דזשוירזי און אפילו פון ניו־יאָרק.

**רחל:**

(פאַלט אַריין אין די רייד). אָבער וואָס פאַר אַ מחותנים זיינען מיט דיר די „סאַנס אָף ליבערטי״? פאַרוואָס לאָזן זיי דיך ניט צורו? פאַרוואָס צאַפּן זיי פון דיר דאָס געלט?!

**סאלאמאָן:**

(שטעלט זיך אויף אַן אויפגערעגטער). וואָס איז, איך זאָל שוין אויפהערן שטיצן די רעוואָלוציע אויך?! וואָס איז, מיין געלט גיב איך זיי?

**רחל:**

ווען מענס דען געלט גיסטו זיי? קורח׳ס געלט גיסטו זיי?

**סאלאמאָן:**

זייער געלט גיב איך זיי! הער זיך איין, רחל, אַ סך געלט האָב איך מיטגעבראַכט פון איראָפּע? מיין גאַנץ פאַרמעגן האָב איך דאָך דאָ דערוואָרבן! מעג איך דאָך שטיצן די פרייהייט פון דעם לאַנד וואו איך האָב געמאַכט מיין פאַרמעגן! . . .

**רחל:**

(אין דער צייט וואָס סאלאמאן שטייט און רעדט צו איר, דרייט זי זיך איבערן צימער. זי איז אומרואיק. זי גייט צום פענצטער און



קוקט אַרויס. מיטאַמאָל גיט זי זיך אַ דריי אויס צו אים). חיים, דו ביסט אין גרויס געפאַר, דעריבער בין איך געקומען! (גייט צו נע־ענטער צו אים). ווען מען זאָל דיך ווידער אַרעסטירן וועט עס ווירקן זייער שלעכט אויף מיר!

**סאלאמאָן:**

(גייט צו און קוקט אויך אין פענסטער אַריין). אַן סכנות . . . גאָט וועט העלפן . . .

**רחל:**

דו ביסט אַ טאַטע! מיין קינד איז בא מיר בילכער ווי די גאַנצע וועלט! מיין לעבן איז בא מיר גאָרנישט! פאַרשטייסט?! מיין קינד . . . און דו האָסט קיין רעכט ניט . . .

**סאלאמאָן:**

(נעמט איר אַרום). דו ביסט אַ מוטער און דיין פליכט איז צו באַשיצן דיין קינד. איך האָב אויף דיר גאָר קיין פאַראיבעל ניט. גערעכט ביסטו. הלמאי זאָל איך זאָגן אַז ניט. אין אַ געוויסן זין, זיינען מיר אַלע עגאָאיסטן און טראַכטן נאָר וועגן זיך אַליין . . .

**רחל:**

(נעמט אים אויך אַרום). חיים, איך וועל ניט קענען לעבן אָן דיר. דאָס האַרץ איז מיר אומרואיק צוליב דיר . . . (זיי שטייען אַזוי אַ קורצע ווײַלע. מען הערט ווי עמיץ גייט אין קאָרידאָר. רחל באַפרייט זיך פון אים. זעצט זיך גלייך אויף אַ שטול און ווישט אויס די אויגן, ווי עס וואָלט גאָרנישט פאַרגעקומען צווישן זיי. סאלאמאן גייט צום שרייב־טיש און זעצט זיך אַוועק שרייבן. עס גיט אַ קום אַריין אריה ברזל. קוים וואָס ער קאָן כאַפּן דעם אָטעם).

**אריה:**

חיים, מען האָט ערשט אַרעסטירט מעקדוגלען. אויך ווילסאָנען האָבן זיי אַרעסטירט (שטייט אַ ווײַלע דערשראָקן און באַטראַכט זיי ביידן). זיי גייען אַהער צו דיר . . .

(זייער דערשראָקן. לויפט צום פענסטער און קוקט אַרויס. זעט ווי די זעלנער דערנעענטערן זיך. קומט צוריק צו סאלאמאנען און בעט זיך בא אים). חיים, ראַטעווע זיך! איך בעט דיך, אַנטלויף! . . .

**סאלאמאן:**

(אַביסל אויפגערעגט. שטייט און האַלט זיך אָן ביים עק טיש. ער איז פאַרטראַכט). איך בין קיינמאָל ניט אַנטלאָפן ווי אַ טרוס. (מאַכט

עטלעכע שריט, כדי צו באַרואיקן זיי). איבעריקנס, דאַרפט איר זיך ניט שרעקן. עס וועט גאַרנישט זיין. עס איז ניט דאָס ערשטער מאָל. (צו רחלען). דו גיי בעסער אַהיים צום קינד. איך בעט דיך.

**אריה:**

(קראַצט זיך אין קאָפּ). זיי וועלן דיך ניט שאַנעווען, חיים. איך האָב זייער ווייניק גלויבן אין די רויטע מונדירן. (שלייכט זיך אַרויס).

**רחל:**

(אַנטשלאָסן). חיים, אויב זיי זאָלן דיך חס ושלום נעמען, גיי איך מיט! איך וועל דיך ניט לאָזן גיין אַליין! . . .

סאלאמאַן הערט ניט אירע ווערטער. ער איז פאַרטראַכט. ער גייט צום פענסטער, דערזעט אַז די זעלנער גייען טאַקע, קומט ער צוריק. בלייבט שטיין פאַרטראַכט אַ ווײַלע. רחל פאָלגט אים נאָך מיט די אויגן, צו זען וואָס ער פּלאַנט צו טאָן. ער גיט אַ רוק אַוועק דעם שרייב־טיש, הויבט אויף דעם טעפּיך און וויל שוין עפענען דאָס טירל פון אַ קעלער. רחל העלפט אים מיט. אָבער אין דער רגע גיט אַ קום אַריין אריה ברזל. ער גיט אַ מאַך מיט דער האַנט אַז זיי זאָלן צוריק פאַרדעקן דעם דיל. סאלאמאַן און רחל בלייבן שטיין דערשראָקן. עס גיבן זיך אַ רייס אַריין אַ סאַרזשאַנט מיט צוויי סאָלדאַטן. די סאָלדאַטן בלייבן שטיין בא דער טיר. דער סאַרזשאַנט בלייבט שטיין אין מיטן צימער, אַביסל פאַרוואונדערט, באַטראַכטנדיק סאלאמאַנען. באַלד קומט ער צו זיך. סאלאמאַן איז דערשראָקן און האַלט זיך אָן באַם עק טיש. רחל גייט צו און שטעלט זיך צווישן דעם סאַרזשאַנט און סאלאמאַנען. דער סאַרזשאַנט צעלאַכט זיך זייער שטאַרק. קיינער קען ניט פאַרשטיין וואָס דאָס באַטייט. דער סאַרזשאַנט באַרואיקט זיך באַלד. ציט אַרויף אויף זיך אַן ערנסט פּנים און הייבט אָן רעדן זייער שטרענג:

**סאַרזשאַנט:**

(ווײַזט אויף סאלאמאַנען). דאָס זייט איר, דער שרעקלעכער חיים סאלאמאַן?! אין נאָמען פון געזעץ, ביסטו, חיים סאלאמאַן, אַרעסטירט אַלס פאַררעטער פון זײַן מאַיעסטעט, קעניג דזשאָרדזש!

**רחל:**

(אַנטשלאָסן). וואָס ווילט איר פון אים?! איר האָט דאָך אים ערשט פרייגעלאָזן! . . .

**סאַרזשאַנט:**

(אײַדעלער). ער איז אַ געפערלעכער פּאַטריאָט, מאַדאַם. זײַן עקסעלענץ, גענעראַל קלינטאָן וויל אים זען.



**רחל:**

איך וועל ניט לאָזן! איך וועל מיטגיין מיט אים!

**ערשטער זעלנער:**

מירן אים נעמען דאָרט, וואו מען שיסט, מאַי לײדי! (לאַכט גראָב).

**צווייטער זעלנער:**

אַזעלכע געמיינע יונגען, דאַרף מען אויסקאָסן, ווי היי!

**ערשטער זעלנער:**

אויב איר, „מאַי לײדי", ווילט מיטגיין, וועלן מיר אייך ניט צו־ריקהאַלטן!

**סאלאמאַן:**

(באַפרייט זיך פון רחלען. גייט צום הענגער, נעמט אַרונטער דעם הוט און די פעלערינע און גרייט זיך צום גיין. בלייבט שטיין ניט ווייט פון סאַרזשאַנט און קוקט אים גלייך אין די אויגן אַריין. כאַפּט זיך באַלד און רעדט צום סאַרזשאַנט). איך ווייס אַז עס איז קעגן דעם געזעץ, נאָר, אויב איר וועט מיר דערלויבן, קענען מיר עפּעס טרינקען איידער מיר גייען. (גיט אַ וואונק צו רחלען. זי גייט אַריין אין צווייטן צימער. דער סאַרזשאַנט זעצט זיך אַוועק לעבן שרייבטיש. אריה זעצט זיך אין אַ זייט. סאלאמאַן זעצט זיך אויך אַוועק. די זעלנער לאָזן אַראָפּ די ביקסן און מאַכן זיך באַקוועם).

**סאַרזשאַנט:**

(שטילערהייט, בייגט זיך צו צו סאלאמאַנען). איך האָב אייך אַרעס־טירט, ווייל מען האָט באַפוילן. איר ווייסט אַז די העסיער האָבן אייך ליב. זיי זאָגן, אַז איר זענט דער ערלעכסטער צווישן אַלע . . .

**סאלאמאַן:**

(שטעלט זיך אויף און רעדט דערשראָקן). הייסט עס, אַז מען פירט מיך ווידער אין דער פּראָוועסט? . . .

**ערשטער זעלנער:**

זאָרג ניט. דער פּלאַץ איז אַזוי געפּאַקט מיט אויסוואורפן, אַז ס'איז אפילו ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר אַזאַ מענטשעלע ווי דו . . . (לאַכט).

**צווייטער זעלנער:**

זאָרג ניט! מאָרגן וועט שוין זיין פּלאַץ. היינט בײַנאַכט וועט מען אויסשיסן עטלעכע הונדערט! (לאַכט).

**סאַרזשאַנט:**

(דרייט זיך אויס צו די זעלנער מיט כעס). **פאַרמאַכט די שמוציקע מיילער, הינטישע זין!**

רחל קומט אַריין מיט אַ טאַץ לעקעך און בראַנפן. זי גיסט אָן פיר גלעזלעך. די זעלנער שטעלן אַוועק די ביקסן לעבן דער טיר. רייבן זיך די הענט און דערנעענטערן זיך צום טיש. אַלע פיר מענער טרינקען און פאַרבייסן שטיקלעך לעקעך. רחל גיסט אָן נאָך פיר גלעזלעך. זיי טרינקען ווידער.

**ערשטער זעלנער:**

(קיענדיק דעם לעקעך). **דזשענטלמען! אמתע דזשענטלמען!**

**צווייטער זעלנער:**

**דזשענטלמען, און דאָך גאַראַנים!** (ווישט זיך די ברייטע וואָנסעס).

דער סאַרזשאַנט שטעלט זיך אויף ווי צום גיין. די זעלנער גייען צוריק צו דער טיר און נעמען די ביקסן אין די הענט אַריין, גרייט צום גיין. די זעלנער עפענען די טיר מיט רעספּעקט. סאַלאַמאָן נעמט זיין הוט און פּעלערינע אין דער האַנט אַריין. אריה ברזל שטעלט זיך אויף און מאַכט עטלעכע טריט נעענטער. רחל גיט אַ פאַל אַרויף אויף סאַלאַמאָנס אַקסל מיט אַ געוויין. ער קושט איר און גייט אָפּ. די סאָלדאַטן גייען אים נאָך. רחל בלייבט שטיין אַ צעטומלטע און אַ פאַרוויינטע. דער סאַרזשאַנט ווענדט זיך צו איר שטילערהייט: „וואַרט דאָ אויף מיר. איך וועל באַלד זיין צוריק". ער גייט אַרויס. די טיר בלייבט שטיין אָן אָפענע. רחל מאַכט עטלעכע טריט, ווישט די טרערן פון די באַקן. אריה דערנעענטערט זיך צו איר. זי גיט אַ פאַל אַרויף אויף זיין אַקסל אין אַ ביטער געוויין. ער גלעט איר דעם קאָפּ כדי צו באַרואיקן איר.

דער פאָרהאַנג פאַלט פּאַמעלעך אַרונטער.



## צווייטע סצענע

אַ ווינקל פון אַ גאַס אין ניו־יאָרק. אַ גאַסן־לאָמפּ אויפן ראָג. אַלט־מאָדישע צוויי, דריי שטאָקיקע געביידעס אין אייראָפּעישן סטיל: גרויסע, סקלעפּאָווע טירן. די הייזער זיינען אָפּגעצוימט מיט אייזערנע שטאַכעטן, פון דער גאַס. טראָטואַרן און גערטנדלעך. פון דער ווייטנס זעען זיך ארויס נאָך הייזער, גאַסן און אַ קירכע. עס איז פאַר מיטאָג צייט.

ווען דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, קומען ארויף אויף דער בינע, פון ביידע זייטן, באַזונדער, צוויי ענגלישע דאַמען. די באַגעגענען זיך אין צענטער פון דער בינע.

**מאַרגאַרעט:**

**טייערע ליידי העריעט! איך בין אַזוי גליקלעך! פון אַלע פרויען** זיינען מיר ביידע, די אָנציענדיקסטע! איך בין אַזוי גליקלעך! (זיי בלייבן שטיין צוזאַמען).

**העריעט:**

**די איינציקע זאַך, וואָס מיך קען צופרידנשטעלן איז וואָס שנעלער צו אַנטלויפן פון די אומציוויליזירטע מענטשן מיט זייער לאַנד.**

**מאַרגאַרעט:**

**יאָ. איך בין איינגאַנצן אַנטוישט: ווען מיר האָבן פאַרלאָזן דייטש־לאַנד, האָט מען מיר געזאָגט, אַז מיר וועלן זיין ארומגערינגלט מיט קאַ־**וואליערן — בעלער און „פּאַרטיס".

**העריעט:**

**מיר האָט מען אויך געזאָגט דאָס זעלבע, ווען איך האָב פאַרלאָזן** ענגלאַנד און איצט, ליידי העריעט, שרעק איך זיך ווי אַ פאַרלוירן **שעפעלע. מיר שלאָגן זיך מיט פאַנאַטישע, פאַרפירטע מענטשן. אַפילו זייערע קאָמאַנדירן גייען דאָך ניט אָנגעטאָן ווי קיין דזשענטללייט!**

**מאַרגאַרעט:**

(מיט פרייד). **שאַ, זע ווער עס קומט!** (עס קומען אָן צוויי ענגלישע אָפיצערן. שיין, עלעגאַנט אָנגעטאָן. די סאַלוטירן. די ליידיס פאַרנייגן זיך זייער טיף. ביידע פרויען מיטאַמאָל). **גוט מאָרגן דזשענטלמען!...**

(מארגארעט אַליין). לידי הערי‌עט שרעקט זיך פאַר די רעבעלן. (לאַכט).
און איך באַטראַכט אונדזערע שונאים ווי אַ געפאַנג, וואָס גוטע יעגער ברענגען אהיים.

**ערשטער אָפיצער:**

די ארבעט איז נים אַזוי לייכט, ווי עס לייענט זיך אין די יעגערישע טעקסט ביכער.

**מאַרגאַרעט:**

נו, וועט איר זיין באַרעכטיגט צו אַ גרעסערן לאָרבער־קראַנץ! (שמייכלט).

**ערשטער אָפיצער:**

מיט די כוחות וואָס מיר פאַרמאָגן, וואָלטן מיר געדאַרפט האָבן אַ שנעלן זיג. ווי עס זעט אויס, קעמפן די רעבעלן מיט אַ ביטערע עקשנות . . . איך קום ערשט פון פעלד, וואו מיר האָבן זיך באַגעגנט מיט די פאַרטיזאַנער מאַרגאַן און סאַמנער . . .

**צווייטער אָפיצער:**

(שמייכלט). און דו האָסט מורא געהאַט צו באַגריסן זיך מיט זיי?

**ערשטער אָפיצער:**

ווילדע שלעגער זיינען זייערע זעלנער. איך האָב נאָך אַזעלכעס אין קיין שלאַכט נים באַגעגנט. זיי קריכן דיר אונטער ווי יאַשטשערקעס און יאָגן דיך ווי די טיגער. ווען דו ווערסט לויפן ווי אַ ווינט, וועלן זיי דיך יאָגן ווי אַ וויכער. זיי פאַרלויפן דעם וועג און לאָזן נים כאַפּן דעם אָטעם. זי איגנאָרירן די עטיק פון מלחמה פירונג!

**הערי‌עט:**

אונדזערע סאָלדאַטן זיינען פויל. דעריבער, וועלן די מאָגערע קי אויפעסן די פעטע.

**צווייטער אָפיצער:**

איר רעדט פון דער ביבל, מאַדאַם . . . (שמייכלט צו מארגארעט) אַזוי, די נאָבעלע לידי איז אַ קליינער רעבעל. און איך האָב ליב חנ׳עווּ־דיקע רעבעלן.

**ערשטער אָפיצער:**

און איך פרעג ניט צי וועלכן פּאָליטישן גאָט די לידי בוקט זיך. די הויפּט זאַך איז, אַז זי איז אַ לידי. (שמייכלט).



**הערי‌עט:**

(פאַרנייגט זיך). איך דאַנק אייך פאַרן קאָמפּלימענט. איך וועל עס געדענקען ווען מיר וועלן זיך באַגעגענען ביים באַל.

**מאַרגאַרעט:**

(צו די אָפיצערן). מ׳דאַרף זען, אַז עס זאָל פאַרקומען עפּעס אַ סקאַנדאַל. וועט דער באַל זיין אינטערעסאַנטער.

**ערשטער אָפיצער:**

אַ נאָבעלע לידי דאַרף נים האָבן אַזעלכע געדאַנקען.

**צווייטער אָפיצער:**

(צו דעם ערשטן אָפיצער). איר ווילט דאָך ניט אַז די דאַמען זאָלן לעבן אין שרעק. דאָס לעבן וועט דאָך ווערן לאַנגווייליק . . .

**הערי‌עט:**

(נעמט דעם 2־טן אָפיצער אונטערן אָרעם). אויב דאָס איז מלחמה, מעג יעדן טאָג פאַרקומען אַ מלחמה . . . (זי שמייכלט, די הייבן אָן אָפּ־גיין). דאָס זעלבע טוט מאַרגאַרעט מיטן ערשטן אָפיצער).

אין דער זעלבער צייט ווי די צוויי אָפיצערן און די דאַמען הייבן אָן אָפּגיין, קומען אַרויף סיימאָן און ספּירס. זיי שטעלן זיך אַוועק אין אַ ראָג פון דער גאַס. זיי קוקן זיך גוט אַרום פון אַלע זייטן. זיי האַלטן אין די הענט צירקולאַרן פאַנאַנדערצוטיילן צווישן די פאַרבייגייער.

**מר. ספּירס:**

עס איז ניטאָ קיין שום סיבה אַריינצופאַלן אין אַ פאַרצווייפלונג. קיין גינסטיקערן מאָמענט פאַר אַן אויפשטאַנד דאַרף מען נים.

**סיימאָן:**

(קוקט זיך אַרום פון אַלע זייטן). יאָ, דאָס זיינען צייטן, פול מיט האָפענונג.

**מר. ספּירס:**

מעקדוגל איז געווען גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז אונדזער מלחמה פלאַץ דאַרף זיין אומעטום: אויפן ים, אויף דער יבשה און אומע־טום, וואו מען קען נאָר טאָן שאָדן דעם שונא.

**סיימאָן:**

כאַראַקטעריסטיש; דאָס זעלבע האָט אויך געזאָגט מיסטער סאַלאָמאָן. ער איז אַ קלוגער מאַן מיט אַ נאָבעל האַרץ.

**מר. ספירס:**

איך טראַכט אָפטמאָל, ווען שעקספיר וואָלט היינט געלעבט, וואָלט ער אָנגעשריבן, אַ חיים סאלאמאָן און ניט קיין שיילאָק.

דער געשפּרעך ווערט איבערגעריסן. צוויי בריטישע סאָלדאטן פירן פארביי א נעגרישן שקלאף געשלאָסן אין קייטן. סיימאָן און ספירס קוקן זיי נאָך און גייען הין און צוריק אַז מען זאָל זיי ניט פארדעכטיקן אין עפּעס. פון דער ווייטנס הערט זיך דאָס שפּילן פון אַ קאַטערינקע. דער קאטערינשטשיק קומט ארויף אויף דער בינע און שטעלט זיך אַוועק אויפן ראָג לעבן סיימאָן און ספירסן און זעצט פאָר זיין שפּילן.

**קאטערינשטשיק:**

(צו ביידן). נו, ווי גייט עס?...

**מר. ספירס:**

ווייניק מענטשן זייגען דאָ דורכגעגאַנגען.

**קאטערינשטשיק:**

(מיט א שמייכל). מירן זיי באלד צוזאַמענרופן. (ער הייבט אָן שפּילן העכער. מענטשן הייבן אָן אָנקומען. צווישן זיי איז אויך פאַראַן משה פרענקס. סיימאָן הייבט אָן אויסגעבן צירקולארן צו די מענטשן. איינקע נעמען די צירקולאַרן און גייען אַוועק. אַנדערע בלייבן שטיין, הערן זיך צו צום שפּילן און וואַרפן אריין אַ מטבה אין קווערטל פון קאַטערינשטשיק. אין דער צייט וואָס סיימאָן גיט אויס די צירקולארן און די קאַטערינקע שפּילט גיט זיך ספּירס אַ שטעל אויף און הויבט אָן רעדן).

**מר. ספירס:**

לײדיס און דזשענטלמען: ווי לאַנג נאָך וועלן מיר ווערן דערניידעריקט? איז דען ניט יעדער מענטש באשאפן געוואָרן פון גאָט, צו זיין אַ מענטש מיט אַלע מענטשן?... מיר ווערן געטעקסט און האָבן ניט קיין רעכט. אויף אונדזער קארק ליגט, ווי אַ יאָך אויף אַן אייזל אַ פרעמדער חיל וואָס צעשטערט אונדזערע שטעט און דערפער. די ציווילע אָנגעשטעלטע ווערן באַשטימט אין אַ פרעמדער מדינה און ווערן דאָ אַהערגעשיקט צו האלטן אונדז אין צוים! ווי לאַנג קענען פרייע מענטשן דולדן אַזויפיל עוולות און רשעות? מוזן מיר טאַקע צוקוקן ווי קאָנינגהאם דערמאָרדעט אין דער פּראָווינס אונדזערע בעסטע זין? זאָלן מיר דאַנקען און לויבן דעם קעניג דערפאר, וואָס זיינע סאָלדאטן האָבן אויסגעמאָרדעט די גאַנצע באַפעלקערונג פון וויאָמינג טאָל, טשערי טאָל, ניו בעדפאָרד און פערי היווען!... די שטאָטן וועלן קיינמאָל ניט צושטימען צו ווערן רעגירט פון אַזאַ מאַכט!...



**פרענקס:**

(פאַלט אַריין אין די רייד). דעם וואָס גאָט האָט אויסדערוויילט צו הערשן, וועט אייביק הערשן!...

**ספירס:**

די קאָלאָניסטן וועלן קעמפן ביזן לעצטן מענטשן קעגן אַזאַ איינשטעלונג! דאָ ווערט אַ נײַ פאָלק געבאָרן!... דאָס ליכט פון דעם הימל באלייכט אונדזער גערעכטן וועג!...

אין מיטן פון דעם רעדן גיט איינער פון עולם (אַ שפּיאָן) אַ געשריי: „פאָליציי! פאָליציי!" עס ווערט אַ טומל. דער עולם לויפט זיך פאַנאַנדער. די קאטערינקע הייבט אָן שפּילן דייער הויך און שנעל. סיימאָן און ספירס כאפּן דעם שפּיאָן און ברעכן אים גוט אָן די ביינער, און לאָזן אים ליגן. ביידע גייען אַוועק. עס קומען אָן צוויי ענגלישע סאָלדאָטן. זיי זעען ליגן דעם געשלאָגענעם, גייען זיי צו, דרייען אים איבער און פרעגן באם קאטערינשטשיק.

**ערשטער פאָליציאַנט:**

(צום קאטערינשטשיק). וואָס איז דאָ פאָרגעקומען?

**קאטערינשטשיק:**

(ווייזט אויפן שפּיאָן). ער האָט זיך געשלאָגן מיט אַ מאָן. (שפּילט ווייטער).

**ערשטער פאָליציאַנט:**

וואו איז דער מאָן?

**קאטערינשטשיק:**

אַ, יענער מאָן? ווייזט אויס, אַוועקגעגאנגען. (שפּילט).

**שפּיאָן:**

(קרעכצט. פּרובירט זיך אויפהויבן. דער צווייטער פאָליציימאן כאפּט אים אָן פארן קאָלנער).

**ערשטער פאָליציאַנט:**

(צום שפּיאָן). דו ביסט שיכור!

**שפּיאָן:**

(קרעכצנדיק, פּרובירט זיך אויפהויבן. ער האַלט זיך באם פּנים). איך בין ניט שיכור. איך בין אַ דעטעקטיוו! אַ דעטעקטיוו בין איך!

**צווייטער פאָליציאַנט:**

(נעמט אים אָן פארן קאָלנער און שמייכלט). ווען עס דערציילן

דעם לייטענאנט אין די העדקוואַרטערס! (גיט אים אַ שלעפּ). קום!... (זיי נעמען אים אונטערן אָרעם און שלעפּן אים ארויס. דער שפּיאָן שריַיט).

**שפּיאָן:**

איך בין אַ שפּיאָן! אַ דעטעקטיוו בין איך! איך שווער בא גאָט, אַז איך בין אַ שפּיאָן!... לאָזט מיך אָפּ! איר וועט טייער באַצאָלן! איך וועל אייך שוין וויַיזן וועמען איר האָט אַרעסטירט!... (ער וואַרפט זיך, אָבער די פּאָליציַיליַיט שלעפּן אים אַרויס).

דער קאַסטערינשטשיק גייט אויך אָפּ. עס קומט ארויף חצקל. גייענדיק, קוקט ער זיך פלעגמאַטיש אַרום אין אַלע זייטן! ער טראָגט דאָס בוך וואָס סאַלאַמאָן האָט אים געגעבן פאַר מיסטער בליקערן. באַלד גיט א קום ארויף צדוק. ער דערזעט חצקלען, גיט ער אַלויף אַ קעגן מיט פאַנאַנדערגעשפּרייטע הענט, ווי ער וואָלט געוואָלט עפּעס זאָגן. נאָר חצקל פאַרלויפט אים דעם וועג.

**חצקל:**

ויבא המן . . . וואָס איז שוין ווידער, מחותן מייַנער?

**צדוק:**

(קראַצט זיך אין קאָפּ). איז דער באַלעבאָס אין דער היים? איך וויל נוצן זיַין טינט און פּעדער. כ'דאַרף אָנשרייַבן אַ וויכטיקן בריוו צו א סוחר.

**חצקל:**

פאַרדרייט אונדז ניט קיין קאָפּ! מיר האָבן קיין צייט ניט!

**צדוק:**

(קראַצט זיך אין קאָפּ). חצקעלע, אפשר ווייסט איר ווער עס דאַרף אַ מעקלער, שרייַבן אַ פּראָשעניע, צי אויספירן אַ שידוך... איך האָב פאַרבינדונגען מיט די הויכע פענצטער. איר מעגט זיַין זיכער.

**חצקל:**

(פאַלט אַריין אין די רייד). וואָס דערציילט איר מיר אַ מעשה? היינטיקע צייטן איז מען מיט גאָרנישט זיכער!

**צדוק:**

(כאַפּט זיך). שאַאַאַ! אָט רעד איך אייך אַליין אַ שידוך מיט אַ מיידל... גיט מיר, זייט מוחל, אַ שמעק טאַביק!

**חצקל:**

(אביסל רואיקער). אַזאַ זאַך דאַרף מען גוט באַטראַכטן. (קראַצט זיך



אין דער באָרד). חתונה האָבן, איז ניט קיין העמד אָנצוטאָן. איינמאָל פאַרקנסט, איז פאַרפאַלן!

**צדוק:**

(ווישט זיך די נאָז). נארישקייטן. דערפאַר, וועט זי קענען אויסוואשן א העמד. אביסל גריץ אָפּקאָכן... די מויד איז אַ רוח, אַ בריה!

**חצקל:**

(פאַלט אריין אין די רייד). און נדן? ווי אַלט איז זי?

**צדוק:**

פליט ניט אַזוי! זי איז ניט פיל עלטער פון אייך!... און, פון אַ יתומה ווילט איר נדן? שעמען מעגט איר זיך! האָסט געזען אביסל! (רואיקער). אוי, חצקעלע, איר מיינט אַז איר קערוועט דעם וואָגן? גאָט זיצט אויבן און טוט זיך דאָס זייניקע. געדענקט, די יתומה דאַרף חתונה האָבן.

**חצקל:**

און וואָס וועט דער באַלעבאָס טאָן אָן מיר? אויף וועמען וועל איך אים איבערלאָזן? היינטיקע צייטן קען מען זיך ניט פאַרלאָזן אויף אבי וועמען.

**צדוק:**

(אין אַ פאַרלעגנהייט). איך מיין אין אייער טובה וועגן. איר וועט חרטה האָבן. גאָט נעמט זיך אָן פאַר אלע יתומים...

**חצקל:**

(כאַפּט זיך). איך האָב גאָר פאַרגעסן, אַז איך דאַרף אָוועקטראָגן די ביכער צו מיסטער בליקער!... (לויפט שנעל אַוועק).

**צדוק:**

(לויפט אים נאָך). גיט מיר כאָטש אַ שמעק טאַביק. (ער בלייַבט שטיין אַ פאַרזאָרגטער. עס קומט אים אַנטקעגן משה פרענקס). מיסטער פרענקס, קען מען קריגן בא אייך אַ שמעק טאביק? (נעמענדיק אַ שמעק טאַביק פון פרענקסן). אפשר קענט איר מיר נאראיען עפּעס אַ שטיקל פּרנסה?

**פרענקס:**

(נעמט אויך אַ שמעק טאַביק). די געשעפטן ליגן אין דער ערד, צדוק!

**צדוק:**

וואָס הייסט, איר מאַכט חוזק, מיסטער פרענקס?

**פרענקס:**

איך מאַך שוין גאָר קיין חוזק ניט. די געשעפטן ליגן היינטיקע צייטן

טיף אין דער ערד. (זאָגט איס אַ סוד). ווי עס זעט אויס, אַנטוויקלט זיך אַ געפּערלעכע מלחמה צווישן זיי. אַ מלחמה, איר פאַרשטייט?

**צדוק:**

איר הערט, ווען מען לאָזט מיך, וואָלט איך זיי ביידן אריבערגעלייגט, ווי דער רבי מיינער פלעגט טאָן. זיי גוט אריינגעשמיסן און וואָלט געמאַכט ויברח... (פרענקס הייבט אָן גיין. צדוק גייט איס נאָך. אזוי גייענדיק, פאַרשווינדן זיי).

עס גייט פארביי אַ שיכורער. ער האלט אין איין האנט אַ שטעקן און אין דער צווייטער, אַ פלאַש בראָנפן, פאַרבייגייענדיק אויף דער בינע, שעלט ער די אריסטאָקראַטן. עס קומט ארויף אַ קאַוואַליער מיט אַ יונגער דאַמע. ביידע גייען געאָרעמט און זיינען אין אַן אויפגעלייגטער שטימונג. זיי רעדן הויך און לאַכן.

**פריילין:**

איך וואָלט זייער געוואָלט זיצן אין דער לאַנדענער מעטראָ און קוקן דורך מיין לאָרענט און זען, ווי די אריסטאָקראַטן שפּילן אין ליבע... עס מוז זיין זייער אינטערעסאַנט!

**קאַוואַליער:**

שטעל דיר פאָר, דזשערעלדין, אַז אין לאָנדאָן ווערן מיר געשילדערט ווי פּיראַטן פאַרברעכער און גאַזלאָנים. (לאַכט).

**פריילין:**

אָך, ווי נאַריש דאָס איז...

**קאַוואַליער:**

ווען איך בין געזעסן אין דער טורמע, האָב איך דורך מיין פענצטערל געזען ווי מען שיסט פּאַטריאָטן. איך האָב גאָט געבעטן, אַז אין מיין שלאָף, זאָל מען מיך דערשיסן. איך זאָל ניט דארפן צוזען ווי ווילד דאָס „בלויע בלוט" קאָן זיין. די לאָנדאָנער הערן און דאַמען ווילן אויף אייביק פאַרשמידן אין קייטן די קאָלאָניעס, ווי די שפּאַניער האָבן געטאָן צו קאָלאָמבוסן...

**פריילין:**

(טרויעריק). יאָ, אַנומלט האָב איך געזען ווי די העסיער האָבן אין מיטן גאַס, געשלאָגן אַן אַלטן פּאַטריאָט. דריי טעג נאָכאַנאַנד האָב איך געוויינט נאָך דעם.

**קאַוואַליער:**

טאַנצן דעם וויקטאָריאַ טאַנץ, איז זייער ראָמאַנטיש (אימיטירט). די



באַוועגונגען גראַציעז, עלעגאַנט און געלאַסן. דאָס איז זייער אינטערעסאַנט. ווען מען באַקאַנט זיך אָבער מיט זייערע באַרבאַרישע מיטלען, וואָלט איר אפילו ניט געוואָלט טראַכטן וועגן זייערע איידעלע מאַניערן. (עס קומט זיי אנטקעגן אַן אנדערע דאַמע).

**דאַמע:**

((צו דער פרייל׳ן). דזשערעלדין, דו ביסט נאָך דאָ? די מאַמע וועט זיין באַזאָרגט!... (לאַכט קאָקעטיש צום קאַוואַליער).

**קאַוואַליער:**

(נעמט די דאַמע אונטערן אָרעם, מיט אַ שמייכל צו איר). לאָמיר גאָר היינט באַנאַכט גיין שפּאַצירן און קוקן ווי די פאַרליבטע שטערן קושן זיך, באַ דער לבנה שיין...

**פריילין:**

(זייער נאַאיוו). עס מוז זיין זייער אינטערעסאַנט.

**קאַוואַליער:**

(צו דער דאמע). די נאַכט איז שיין און ראָמאַנטיש. די געטער שלאָפן... (צו דער מיידל). און קליינע קינדער שלאָפן אויך.

**דאַמע:**

(פאַלט אריין אין די רייד). פרומע קאַטאָליקנס שלאָפן אויך... (שמייכלט).

**פריילין:**

(שעמעוודיק). די אינסיניואַציע איז דאָך ניט געווען צו מיר?...

**דאַמע:**

איך וואָלט געוואָלט לעבן אין אַ הונדערט יאָר ארום און זען ווי די קומענדיקע דורות וועלן אָפּשאַצן אייער געראַכטן קאַמף.

**פריילין:**

מסתמה וועלן זיך די צייטן בייטן.

**קאַוואַליער:**

צי וואָס זאָרגן וועגן דעם מאָרגן, אַז דער היינט איז נאָך ניט פאַרזאָרגט.

אַזוי רעדנדיק, פאַרשווינדן זיי פון דער בינע. עס קומען ארויף דער סאַרזשאַנט, די צוויי סאָלדאַטן און סאַלאַמאָן. זיי ריידן גאָרנישט. באַ אַ טויער פון אַ הויז בלייבן זיי שטיין. סאַלאַמאָן גייט מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. דער סאַרזשאַנט ווענדט זיך צו איס לעבן טויער.

**סאַרזשאַנט:**

(ווייזט אויף די ליפּן). זע, דאָס מאָל מיינען זיי ערנסט.

**סאַלאַמאָן:**

(צום סאַרזשאַנט, שטילערהייט). שווייגן, און גאָרנישט זאָגן!

**סאַרזשאַנט:**

גאָרנישט! זיי זיינען אויפן פערד. קיין מצוות טוען זיי ניט.

**סאַלאַמאָן:**

(שטאָלץ). סיי ווי, דערוואַרט איך ניט קיין גענעדיקייט. זייער גענעדיגקייט וועט זיין פאר מיר א שאַנד!

**סאַרזשאַנט:**

דאַרפסט אָבער האָבן רחמנות אויף דיין יונגער פרוי און... דיינע פריינט!

**סאַלאַמאָן:**

נו, מילא: איצט איז שוין אַלץ איינס! בעסער וואָלט געווען, זיי זאָלן דאָס מאכן וואָס שנעלער!

**זעלנער:**

(לאכט). זאָרג ניט! מע וועט עס מאכן גאַנץ שנעל...

**סאַרזשאַנט:**

(באַפעלעריש צו אלע דריי). מאַרש! (ער עפנט די טיר. אלע פיר גייען אַריין. דער פאָרהאַנג לאָזט זיך אַרונטער).

פאָרהאַנג פאַלט.



## דריטע סצענע

אין דעם זעלבן טאָג, נאָר עטלעכע שעה שפּעטער. בא גענעראל קלינטאָן אין אָפּיס.

אַ פּראַקטיק, שיין מעבלירטער אָפּיס. כמעט קעניגלעך אויסגע־שטאַט. אויף דער צענטער וואַנט הענגט אַ גרויס בילד פון קעניג דזשאָרדזש דעם דריטן. אויך אַנדערע בילדער און מאלערייען הענגען אויף די ווענט. עס הענגען אויך שווערדן, געפּעכט־שפּיזן און פּיסטאָלעטן אויף די ווענט. גרויסע, מיט גאָלד באַפּוצטע קאָלאָניאַל שטולן. אַ גרויסער, גע־שניצטער שרייבטיש מיט גענזענע פעדערס, אַ טינטער און קעראָסין לאָמפּ שטייען אויף אים. זילבערנע לייכטער, פּאַפּירן און אנדערע זאכן שטייען און ליגן אין אָרדנונג אויפן טיש. בא דער זייט אַ קאַנאַפּע. אַ פּראַכטפולער טעפּיך אויפן דיל. אַ פּייערפּלאַץ ארום וועלכע עס שטייען סטאַטועס און נאָך נויטיקס, שיינע זאכן. צוויי לאנגע פענצטער פון ביידע זייטן קאַמין מיט פּראַכטפולע גארדינען און פאָרהאַנגען. איינער פון די פענצטער איז אַ גלעזערנע טיר וואָס פירט ארויס אויפן באַלקאָן. צוויי טירן: די לינקע פירט אריין אין א צווייטן צימער און די רעכטע, פירט אריין פון גאס. עס איז ליכטיק און ווארעם. אלץ גלאנצט, עס בלענדט אזש אין די אויגן. מען דערקענט גלייך אז דאָ וואוינט א קעניג.

ווען דער פארהאַנג עפענט זיך, דרייט זיך גענעראל קלינטאָן ארום איבער דעם צימער אָנגעשפּאַרט אָן זיין שטעקן וואָס האָט א גאָלדן הענטל. ער שפּילט זיך מיט דער צווייטער האנט מיט דער גאָלדענער קייט פון זיין וועסט. מען דערקענט גלייך, אַז ער איז אין אַן אויפגערעגטער שטי־מונג. דער סאַרזשאַנט וואָס האָט ארעסטירט חיים סאלאמאָנען, שטייט שטייף אויסגעצויגן, לעבן דער אַרויסגאַנג טיר. ער וואַרט אויף אַ באַפעל.

**קלינטאָן:**

(גיט זיך א דריי אויס צום סאַרזשאַנט). **ברענג אים אריין!** (דער סאַר־זשאַנט סאַלוטירט און גייט ארויס. ער גייט צו צום טיש און נעמט ארויס פון שופלאָד א בריוו. ער וויקלט אים פאנאנדער. לייענט פאר זיך און שמייכלט סאַרקאַסטיש. די טיר עפנט זיך. עס קומט אריין סאלאמאָן. ער גייט שטאָלץ און דאָך, אביסל דערשראָקן. ער האלט דעם הוט און די פעלערינע אין דער האַנט. דער סאַרזשאַנט קומט אויך אַריין און פאַר־

מאַכט די טיר. עס איז א ווילע שטיל. קלינטאָן שטייט אין מיטן צימער אַנגעשפּאַרט אָן זיין שטעקן און באַטראַכט סאלאמאָנען פון אויבן ביז ארונטער. גייט צו צו סאלאמאָנען און שטופּט אים אין פּנים אריין דעם בריוו. סאלאמאָן רוקט זיך אָפּ אביסל און קוקט אויפן דיל. קלינטאָן איז זייער אויפגערעגט און בייז). אָט דאָס איז דער בריוו וואָס דו האָסט געשיקט צו דיין טשיף! דאָס איז געווען באַוויז, אַז מיר זאָלן דיך מאָרגן אין דער פרי אויפהענגען! (דרייט זיך איבערן צימער אַנגעשפּאַרט אָן זיין שטעקן און רעדט סאַרקאַסטיש). מאָרגן, ווען די זון וועט אויפגיין, וועסטו שוין הענגען! (גיט א וואָרף דעם בריוו אויפן שרייבטיש און גיט זיך א דריי אויס צו סאלאמאָנען). דאָס איז, אויב דו וועסט אונדז ניט געבן די נויטיקע אינפאָרמאציע... (שפּאַצירט איבערן צימער ווי א זייגער).

**סאלאמאָן:**

(נאָך אַלץ ניט געקומען צו זיך פון דעם ערשטן ברוך הבא). אויב עס איז גאָטס ווילן אז איך זאָל הענגען מאָרגן, וועל איך הענגען מאָרגן.

**קלינטאָן:**

(גייט צו נעענטער צו סאלאמאָנען און רעדט געלאַסן. הער זיך איין: מיר געפעלט דיין פאָרם פון באַריכטן. עס איז צו אינטעליגענט פאַר א געוויינטלעכן שפּיאָן. איך האָב ספּעציעל געשיקט אַ קאָמיסיע אַז זי זאָל אַלץ אויספאָרשן וועגן דיר. איך ווייס ווער דו ביסט. איך ווייס אַז דו ביסט אַן אַנטלאָפענער אַרעסטאַנט פון דער פּראָווינץ. איך בין אָבער גרייט אַלץ צו פאַרגעסן, פאַר איין קלייניגקייט: זאָלסט מיך אינפאָרמירן וועגן וואַשינגטאָנס פּלענער... (באַטראַכט סאלאמאָנען וואָס פאַר אַן איינדרוק זיין פאָרשלאָג האָט געמאַכט).

**סאלאמאָן:**

(מיט אַן אַרונטערגעלאָזענעם קאָפּ). איך ווייס גאָרנישט וועגן זיינע פּלענער.

**קלינטאָן:**

(פאַלט אַריין אין די רייד). דו ביסט א דערפאָלגרייכער סוחר. דו האָסט געלט און דו פּירסט גרויסע געשעפטן. דו האָסט א ליבע פרוי און א קינד איז ערשט געבוירן געוואָרן בא דיר... טראַכט גוט איבער, איידער דו גיסט מיר דיין ענטגילטיקן ענטפער. (זעצט זיך באַם שרייבטיש און שפּילט זיך מיט זיין גאָלדענעם רעוואָלווער, אַזוי, אַז דאָס זאָל מאַכן אַן איינדרוק אויף סאלאמאָנען).

**סאלאמאָן:**

(פאַרנייגט זיך). איך ווייס, אז אייער עקסעלענץ איז גאָרנישט אזוי



אָן אַ האַרץ, שלעכטס צו טאָן אַן אומשולדיק קינד און זיין מוטער...

**קלינטאָן:**

(שפּילט זיך נאָך אַלץ מיטן רעוואָלווער און מיטן בריוו. גאַנץ געלאַסן). איך וויל ניט טאָן קיין שלעכטס דיין ווייב און דיין קינד. ווען דו וועסט אָבער זיין פאַרמשפּט צום טויט... דיין געלט און דיין גאַנץ פאַרמעגן וועט קאָנפיסקירט ווערן פון זיין מאַיעסטעטס רעגירונג... דיין ווייב און דיין קינד וועלן דאַן בלייבן אָן א טאַטן, אָן א מאַן און אָן א שילינג...

**סאלאמאָן:**

(גיט א ציטער). גאָט וועט זיי באַשיצן.

**קלינטאָן:**

(שמייכלט). גאָט וועט זיי זיכער ניט באַשיצן, אויב דו וועסט עס ניט טאָן. (גיט זיך אַ שטעל אויף). איך גיב דיר אַ האַלבע שעה צו באַטראַכטן. (גייט אַפּיר פון טיש). דו האָסט צוויי וועגן: לעבן אין פרייהייט פון איין זייט, פייניקונגען און טויט, פון דער צווייטער זייט. (גייט צו נעענטער צו סאלאמאָנען און רעדט שמייכלענדיק). זאָג, וואָס וועסטו אויסקלייבן?

**סאלאמאָן:**

(פאַרנייגט זיך). וואָס אייער עקסעלענץ וואָלט אויסגעקליבן, ווען ער איז אומגליקלעכעווייזע, אויף מיין פּלאַץ...

**קלינטאָן:**

(גיט א קלאַפּ מיטן שטעקן אויפן דיל, מיט געבייזער). איך האָב דיך ניט אהערגעבראַכט אז דו זאָלסט מיך פרעגן רעטענישן!

**סאלאמאָן:**

(זייער רואיק). אייער עקסעלענץ וואָלט אוודאי אויסגעקליבן דעם טויט, איידער צו פאַרראַטן זיין לאַנד...

**קלינטאָן:**

(לאַכט סאַרקאַסטיש). וואָס פּלאַפּלסטו, וואָס?... דו האָסט ניט קיין לאַנד! דו ביסט א ייד! דו ביסט אַן אימיגראַנט! דו ביסט אין דעם לאַנד בלויז עטלעכע יאָר! אונטער דער עקזיסטירענדער אָרדענונג האָסטו זיך אַרויפגעאַרבעט! (גייט איבערן צימער אָנגעשפּאַרט אָן שטעקן).

**סאלאמאָן:**

עס פאַרדריסט מיך, וואָס איך באַלעסטיק אייער עקסעלענץ. איך

פרוביר בלויז ארויסברייגגען מיין לאגע, אזוי גוט ווי איך קען.

**קלינטמאָן:**

(שטייט פון דער ווייטנס און בייזערט זיך). **א שפיאָן האָט ניט וואָס צו זאָגן! ער שטאַרבט, אויב ער קען זיך ניט אויסקויפן מיט אינפאָרמאציע פון שונא!** (צום סארזשאַנט). **נעם אים אַוועק!... וואַרט!...** (גייט צו נעענטער צו סאלאמאָנען). וועסטו אפשר הענגען מער באַקוועם, **אויב דו וועסט וויסן: ווען דו וואָלסט אפילו איינגעשטימט צו געבן די אינפאָרמאציע, וואָלט איך זי ניט גענומען. איך וועל זי שוין קריגן פאַר א געהעריקע סומע פון דיין „טשיפס" סעקרעטאר. ער ווייסט מער פון דיר. איך האָב דיר בלויז צוגעזאָגט די פרייהייט, כדי עפּעס צו באַווייזן.**

**סאלאמאָן:**

**איך וואָלט גיכער געוואָלט שטאַרבן, איידער איך זאָל שפּיאָנירן.**

**קלינטמאָן:**

(גיט זיך אַ דריי אויס מיט רוגזה). **אַזוי, דו ווילסט גיכער שטאַרבן! דו קלייבסט אויס דיין אייגענעם טויט!!**

**סאלאמאָן:**

(ענטפערט ניט. שטייט מיט אן אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ).

**קלינטמאָן:**

(איז זייער אין כעס. קלאַפּט מיטן שטעקן און בייזערט זיך). **די יידן ווינען אלעמאָל געווען צווישן די צעשטערער פון אָרדענונג!...** (עס איז שטיל א ווילע). **מיר וויסן: דער רעבעל וואשינגטאָן האָט אייך געצוואונגען צו טאָן שפּיאָנאזש ארבעט.** (אביסל וויכער. גייט צו נעענטער צו סאלאמאָנען). **נאָך אלעמען, קענט איר זיך ניט העלפן... עס איז א רחמנות... אָרימע יידן נעבעך...**

**סאלאמאָן:**

(שטייט א דערשראָקענער. מיט א געבויגענעם קאָפּ און זאָגט גאָר־נישט. קלינטאַן שטייט ביים קאַמין פאַרטראַכט. מיטאַמאָל) **דאָס וואָס איך טו, אָדער דאָס וואָס איך טו ניט, האָט בלויז צו טאָן מיט מיר אַליין. די יידן, דאָס יידישע פאָלק האָט מיט דעם קיין שום פאַרבינדונג ניט. זיי דאַרף מען אין דעם געפעכט ניט אַריינמישן.**

**קלינטמאָן:**

(גיט זיך א דריי אויס). **סארזשאַנט, נעם אים אוועק!** (כאַפּט דעם שטעקן און וויל אַרויסלויפן אין צווייטן צימער אריין. אַבער אין דער זעלבער צייט דערהערט זיך א טומל פון קאָרידאָר. דאָס האָט אים



פארהאלטן. סאלאמאָן, כאַטש א דערשראָקענער, הייבט אויף דעם קאָפּ. קלינטאָן גיט א וואונק צום סארזשאַנט אז ער זאָל ארויסגיין זען וואָס עס קומט פאָר. ווי נאָר דער סארזשאַנט עפנט די טיר, גיט א פאל אריין מאדאם סאלאמאָן א פארוויינטע און אן אויפגערעגטע. נאָך איר קומט אריין אריה ברזל. דער אלטער בלייבט שטיין בא דער טיר מיטן הוט אין דער האנט. ער קוקט אויף סאלאמאָנען מיט א רחמנות. רחל לויפט גלייך צו צו קלינטאָנען און פאלט אים צו די פיס מיט א ביטער געוויין).

**רחל:**

**האָט רחמנות, אייער עקסעלענץ...**

**קלינטמאָן:**

(רוקט זיך אָפּ פון איר). **די צייט פון רחמנות איז פאַריבער! אייער** מאַן איז אַ שונא פון זיין מאַיעסטעט! ער העצט דאָס פאָלק צו אַ רעוואָלט! **ווילט איר אַז איך זאָל רחמנות האָבן?!**

**רחל:**

(וויינענדיק). **ער איז אַן אומשולדיקער מענטש...**

**קלינטמאָן:**

(בייזערט זיך). **ווי אומשולדיק איז ער, אז ער אָרגאניזירט פיראטן מען זאָל פארניכטן די בריטישע שיפן! שיקט באריכטן צו דעם רעבעל וואשינגטאָן! רעדט אָפּ אונדזערע זעלנער אז זיי זאָלן רעוואָלטירן! גיט אוועק געלט צו די העסישע סאָלדאטן אז זיי זאָלן אנטלויפן! איז, ווי אומשולדיק איז אייער מאן, מאדאם?!... אייער מאן האט זיך ארויסגעגעבן דעם אורטייל!** (גייט אָפּ עטלעכע טריט). **איך קען גאָרנישט העלפן!...**

**רחל:**

(כאַפּט זיין האנט און וויל איר קושן). **ראטעוועט דעם פאָטער פון מיין קינד!... ראטעוועט!...**

**קלינטמאָן:**

(רוקט זיך אָפּ פון איר). **קיינער האָט אים ניט געצוואונגען צו טאָן** די פאַרברעכערישע ארבעט! (גיט אַ מאַך מיטן שטעקן). טאָ זאָל ער...

**רחל:**

(קוקט ארויף צו אים מיט בעטענדיקע אויגן). **אומקומען?...**

**קלינטמאָן:**

(גייט און רעדט צו זיך אליין). **אומקומען... אומקומען... אומקומען...**

**רחל:**

(פאלט מיטן פנים צום דיל און וויינט היסטעריש).

**קלינטמאַן:**

(זייער אויפגערעגט). גענוג, מאדאם! איר האָט געהערט מיין ענט־פער!

**סאלאמאַן:**

(וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אַן אויפגערעגטער, אומרואיק און פארשעמט. וויל צוגיין אויפהויבן זיין פרוי, שרייט אויס). איך וועל ניט דערלויבן אזוי צו באהאנדלען מיין פרוי!... (דער סארזשאנט גייט גלייך צו צו אים און פארהאלט אים. ער פארבלייבט אויף זיין פלאַץ מיט געביילטע פויסטן און מיט אַן אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ).

**רחל:**

(וויינענדיק, גיט אַ בליק אויף קלינטמאַנען און נאָכדעם אויף סאלא־מאַנען). מיין אומגליקלעך קינד!... (אריה ברזל גיט א שטאַרקן זיפץ. ער גייט צו רחלען, הויבט איר פאַמעלעך אויף פון דיל. זי הייבט זיך אויף וואקלענדיק אָנגעשפּאַרט אויף דעם אלטן. זי כליפּעט. ביידע דערנע־ענטערן זיך צו דער טיר. גייענדיק, רעדט זי) מיין אומגליקלעך קינד... מיין קינד!... (קלינטמאַן שטייט באַם פענצטער און קוקט ארויס אין דרויסן). פארוואָס?!... פארוואָס קומט עס מיר?!...

**קלינטמאַן:**

(גיט זיך א דריי אויס און בייזערט זיך). אייערע טרערן, מאדאם, רירן מיך ווייניק! האָט אייער מאַן געאַרט וואָס ער האָט אָרגאַניזירט אַ „מיוטיני" אין אונדזער אַרמיי! אַרט עס אים וואָס ער העלפט אָרגאַני־זירן די רויבער, די מערדער זאָלן צעשטערן די רו אין לאנדז גייקן?...

**רחל:**

(ווישט די אויגן. אריה האלט איר צו אז זי זאָל ניט פאלן). אָבער מענטשלעכקייט, אייער עקסעלענץ... איר זייט דאָך אויך אַ פאָטער פון קינדער...

**קלינטמאַן:**

(אויסער זיך פון אויפרעגונג). מאַדאַם, אונדזער געשפּרעך איז גע־ענדיקט!

**רחל:**

(רייסט זיך ארויס פון אריהס הענט און לויפט צו קלינטמאַנען מיט



געביילטע פויסטן און שטופּט זיי אים גלייך אין פנים אריין)!

מערדער!... תליון!... הענקער!...

**קלינטמאַן:**

(מיט א געמאכטער רואיגקייט). סארזשאנט, פירט איר ארויס! (ער גייט ארויס אויפן באלקאָן אָפּקילן זיך פון דער הייסער לופט).

אריה גייט צו רחלען און נעמט איר ארום. זי שפּאַרט זיך אָן אין אים און זיי גייען אַרויס. דער סארזשאנט גייט אַרויס נאָך זיי. סאלאמאַן איז אַליין אין זאַל. ער שטייט מיט אַן אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ אָן אַ זייט. מען זעט ווי ער איז פאַרביטערט און פאַרטראַכט. ער קוקט זיך ארום אין אלע זייטן און אויך אויפן טיש וואו עס ליגט דער דאָקומענט וועגן אים. עס איז שטיל אַ ווײַלע. מיט אַמאָל גיט ער א הייב אויף דעם קאָפּ און מאכט א פּאָר פויסטן צו דער טיר וואו קלינטמאַן איז ארויסגעגאנגען און שרייט אויס:

**סאלאמאַן:**

(אַן אויפגערעגטער מיט די פויסטן אין דער לופט). על תירא עבדי יעקב!... (ער בלייבט שטיין מיט א געהויבענעם קאָפּ, שטאָלץ).

**קלינטמאַן:**

(קומט אריין פּאַמעלעך. מען זעט, אַז ער איז אַביסל דערשלאָגן. ער גייט איבערן צימער און רעדט צו זיך אליין) תליון, הענקער האָט זי מיך גערופן... (צו סאלאמאַנען). אײַן קריץ מיט דער פּען, איין וואָרט — און אויס! (מוטיקער). זי וועט אפילו ניט וויסן וואו דיין געביין איז אהינגעקומען...

**סאלאמאַן:**

(מוטיקער). איך פיל איר ווייטאָג, אייער עקסעלענץ!

**קלינטמאַן:**

(שפּילט זיך מיטן רעוואָלווער, שטייט אָנגעשפּאַרט אין קאַמין). און דו ביסט נאָך אלץ גרייט צו מאכן דיין יונגע פרוי פאַר אַן אלמנה און דיין קינד פאר א יתום? (גייט צו צו א וואנט און מאכט גלייך די שווערדן וואָס הענגען אַביסעלע קרום).

**סאלאמאַן:**

(אַנטשלאָסן). קען מען איינשטילן דעם שטורם ווינט? קען מען איינ־צוימען די כוואליעס פון דעם ברויזענדיקן ים? קען מען איינצוימען דאָס פייער פון א גליענדיקן וואולקאַן? אייער הויך גנעדיקער עקסעלענץ, זעט אליין, אז א נייע צייט קומט אָן...

**קלינטמאָן:**

(מאכט גלייך די שפּיזן אויף דער וואנט). **און די אויסוואורפן פון פילאַדעלפיע וועלן דאָס זיין די וואָס וועלן אויפבויען אַ נייע אָרדנונג! כאַ, כאַ, כאַ...**

**סאַלאַמאָן:**

**דאָס וועט די צייט באַווייזן.**

**קלינטמאָן:**

(גיט אַ וואָרף אַ שפּיז אויף דער ערד). **שוויג... דו פאַרשאָלטע־נער!...**

**סאַלאַמאָן:**

(מיט מער מוט). **אַ סיסטעם וואָס באַרויבט דעם מענטשן פון יעדער פרייהייט און רעכט... מיט אַ סיסטעם וואָס טראָגט אַ צוויי־פּנימדיקע מאָראַל, קענען מיר ניט מאַכן קיין שלום... איך האָב ניט בדעה צו באַליידיקן די פּערזענלעכקייט פון אייער עקסעלענץ. איך דערקלער נאָר, מיין פּערזענלעכע וועלט אַנשויאונג...**

**קלינטמאָן:**

(בלייבט שטיין אין מיטן צימער אין אַ שמייכלדיקער, סאַרקאַס־טישער שטימונג). **איך האָב דיך ניט געבראַכט אַהער צו דיסקוטירן מיט דיר דיינע פילאָזאָפיעס.**

**סאַלאַמאָן:**

**איך דערקלער בלויז אָפנהערציק: וואו איך וועל זיין, וועל איך אַרבעטן פאַר מיינע איבערצייגונגען...**

**קלינטמאָן:**

**דאָס וועלן מיר ערשט זען!**

**סאַלאַמאָן:**

**עס איז זייער טראַגיש, אַז מען זעט ניט וואו דער אמת איז...**

**קלינטמאָן:**

**הייסט עס, אַז דיין פילאָזאָפיע איז דיר ליבער, ווי דיין ווייב און קינדער?**

**סאַלאַמאָן:**

**דער אמת און די פרייהייט איז מיר טייערער פון אַלץ!...**



**קלינטמאָן:**

((גייט צום שרייב טיש און קלינגט אין אַ גלעקל).

עס גייט אַ קום אַריין דער שפּיאָן מיט אַן אונטערגעהאַקט אויג און אַ באַנדאַזשירטן קאָפּ. ער פאַרנייגט זיך טיף און דערלאַנגט קלינטמאַנען אַ פּאַק צירקולאַרן. עס קומט אויך אַריין דער סאַרזשאַנט און בלייבט שטיין בײַ דער טיר אַ דערשראָקענער, דערזעענדיק דעם שפּיאָן.

**שפּיאָן:**

**אייער עקסעלענץ! אָט אָ, די בלעטלעך האָבן זיי היינט פאַרשפּרייט איבער די גאַסן. איך האָב אַלץ צוגעזען...**

**קלינטמאָן:**

(שטייט אויסגעצויגן אין מיטן צימער און באַטראַכט דעם שפּיאָן פון אויבן ביז אַרונטער). **און ווער האָט דיר צעדראָפּעט דאָס פּנים? און ווער האָט פאַרשפּרייט די בלעטלעך?...**

**שפּיאָן:**

(האַלט די צירקולאַרן אין דער האַנט. ער פילט זיך אומהיימלעך פון קלינטמאַנס בליק). **זייערע פּנימער זיינען געווען פאַרשטעלט. אויב אייער עקסעלענץ וועט מיר דערלויבן, קען איך דורך מיינע באַקאַנטע אויסגע־פינען די געהיימע האַנט וואָס אָרגאַניזירט די „מיוטיני"...**

**קלינטמאָן:**

(צו סאַלאַמאָנען). **דו קענסט זיך אָוועקזעצן!** (צום שפּיאָן). **דו ביסט אַ גענישאַלער דעטעקטיוו.** (לאַכט שפּאָטיש).

**שפּיאָן:**

**עס פאַרדריסט מיך זייער שטאַרק. איך פאַרזיכער אייער עקסעלענץ, אַז מיר וועלן זיך מיט זיי זייער לייכט ספּראַווען.**

**קלינטמאָן:**

(זייער שפּאָטיש). **מיר וועלן זיך מיט זיי ספּראַווען!...** (שפּאַרט זיך אָן אין קאַמין). לייען! וואָס שרייבן זיי? (שטייט ווי אַ רעזיגנירטער און מיד).

**שפּיאָן:**

(שטייט אין אַ פאַרלעגנהייט און ציטערט פון שרעק). **מיט אייער עקסעלענצעס דערלויבעניש.** (הוסט זיך אויס אַביסעלע). **„די טאַריס זיינען די גרעסטע עפּידעמיע פאַר דער געזעלשאַפט.** (קוקט אויף קלינ־טאַנען, וואָס פאַר אַן איינדרוק עס האָט אויף אים געמאַכט דאָס געלייענ־

טע. ער לייענט ווייטער). אַזוי ווי קלינטאָן קען אונדז ניט פאַרניכטן מיט פולווער, זוכט ער צו דיסקרעדיטירן אונדזערע גענעראלן און אונטערקויפן אונדזערע אָפיצערן". (ער קוקט ווידער אויף קלינטאָנען. ער זעט אַז קלינטאָן איז אומרואיק. עס איז שטיל אַ ווײַלע). „דעם בריוו וואָס די טאָריס האָבן פאַרשפּרייט אין ניו־יאָרק וועגן זיין עקסעלענץ, גענעראל דזשאָרדזש וואַשינגטאָן . . ."

**קלינטאָן:**

(גיט א פאַל אַריין אין די רייד). וואָס פאַר אַ גענעראל איז ער דיר?! וואָס פאַר אַן עקסעלענץ איז ער דיר?!... אידיאָט!... (קלאַפּט מיטן שטעקן אין דיל). אַלע ווייסן אַז ער איז אַ פאַררעטער, אַן אַטעאיסט, א רעבעל, א צעשטערער פון אָרדענונג און א געציייג אין די הענט פון שאָטן! ניט קיין פּאַטריאָט און ניט קיין גענעראל! פאַרשטייסט?!...

**שפּיאָן:**

עס פאַרדריסט מיך זייער שטאַרק. אייער עקסעלענץ דאַרף זיך ניט אויפרעגן.

**קלינטאָן:**

(גייט איבערן צימער אַן אויפגערעגטער. רעדט צו זיך אליין). קלינטאָן קען אונדז ניט באַזיגן מיט פולווער! (דרייט זיך אוים צו סאלאמאָנען וואָס זיצט אויף א שפּיץ שטול). אַזוי, קלינטאָן וועט אייך ניט באַזיגן מיט פולווער?! (דראָט מיטן שטעקן צו סאלאמאָנען). איך וועל אייך אלע וויזן, ווער וועמען עס וועט באַזיגן! (קלאַפּט זיך אין הארצן און קוקט בייז אויף סאלאמאָנען). איך, קלינטאָן, וועל זיי באַזיגן! איך און ניט קאָרנוואַלעס און ניט קיין אַנדערער!... איך! איך קלינטאָן! איך!...

**שפּיאָן:**

(פילט זיך זייער אומבאַקוועם). וואָס איז דער באַפעל פון אייער עקסעלענץ?

**קלינטאָן:**

מיין באַפעל?...

**שפּיאָן:**

יאָ. אייער באַפעל, אייער עקסעלענץ.

**קלינטאָן:**

(קען זיך קיין אָרט ניט געפינען. טראַכט א ווײַלע. ווייזט אויף די צירקולארן וואָס זיינען באַם שפּיאָן אין דער האַנט). פאַרברענען די צירקולארן און אָפּוואַשן זיך דאָס פּנים!



**שפּיאָן:**

(פאַרנייגט זיך און גייט ארוים א דערשלאָגענער).

**קלינטאָן:**

(צום סארזשאַנט. ווייזט אויף סאלאמאָנען). פיר אים אַוועק... גיב אים איין שעה צייט... אויב ער וועט זיין גרייט צו ריידן, וועל איך זיין אין מיין ביבליאָטעק. (דערנעענטערט זיך צו סאלאמאָנען. ער איז שוין אַן אויסגעשעפּטער). און דיר וועל איך זאָגן: דו ביסט א זעלטן קלוגער מענטש. די בריטישע מאכט קען דיר געבן זייער פיל פּריווילעגיעס. וועסט זיך קענען אנשטענדיק איינאָרדענען. טראַכט צוויי מאָל, איידער דו גיסט אַן ענטפער . . .

ווען קלינטאָן האָט גערעדט צו סאלאמאָנען האָט ער זיך אויפגעשטעלט. קלינטאָן גייט אָפּ אין דער זייטיקער טיר. סאלאמאָן זיפצט. גייט צו דער טיר. דער סארזשאַנט עפנט די טיר און גייט ארוים נאָך סאלאמאָנען.

פאָרהאַנג פאלט.

## פערטע סצענע

דעם זעלבן טאָג, שפּעט אין אָוונט. אַ טורמע צעל מיט אַ גרויסער טיר פון אייזערנע גראַטעס. עס איז פינצטער. בלויז אַ קעראָסין לעמפּל באַלייכט די צעל. סאלאמאָן זיצט אויף אַ נאָרע, טיפער אין דער צעל און קוקט אריין אין אַ תנכ׳ל. זיינע קליידער זיינען אַביסל צעריסן. סאָ־לאמאָן האלט אין איין הוסטן. ווייטער, איז שטיל. נאָר פון צייט צו צייט, דערהערן זיך קרעכצן פון די אנדערע צעלן. עס פאלט אָן אַ שרעק. מיט־אַמאָל, דערהערט זיך אַ קלינגען פון טורמע שליסלען. מ׳הערט, אַז עמיצער קומט אָן. עס קומט ארויף אויף דער בינע דער סארזשאנט מיט די טור־מע שליסלען אין דער האנט. ער שטעלט זיך אָפּ לעבן סאלאמאָנס טיר און רעדט צו אים דורך די גראַטעס.

**סארזשאנט:**

**נו, פרעג איך אייך, איז ניט קיין מצוה וואָס מען האָט אייך געשמיסן?** אַ שאָד וואָס איך בין ניט געווען דערביי. איך וואָלט זיך זייער געפרייט.

**סאלאמאָן:**

(לייגט צוזאמען דאָס ספרל און רעדט פון דערווייטנס). **איר קלייבט נחת, וואָס מען מאטערט אונדז אזוי...**

**סארזשאנט:**

**איר האָט ניט קיין רעכט אזוי צו רעדן!**

**סאלאמאָן:**

**בלויז אַ שונא קען זיך טרייסטן מיט אַזאַ דערנידערונג!** (קוקט ווייטער אריין אין ספרל).

**סארזשאנט:**

(אביסל סאַרקאַסטיש). **די מענטשן זיינען פיל נאַרישער, ווי שלעכט... עס וואָלט אייגנטלעך אלעמען געווען באקוועם און גוט, ווען מענטשן וואָלן זיין קליגער.**

**סאלאמאָן:**

(דערנעענטערט זיך צו דער גראַטע וואו דער סארזשאַנט שטייט).



**איר זייט גליקלעך, וואָס איר באנעמט אזוי די זאך... שיין איז די נשמה וואָס האָט אַ גלויבן און אַ האָפענונג...**

**סארזשאנט:**

**אייערע שריט זיינען אָבער פאַלשע. איר היצט זיך אומזיסט און אומנישט.**

**סאלאמאָן:**

**מען דאַרף ניט זיין קיין שאָף, וועט דער וואָלף ניט ווייזן די ציין; און וועגן די שמיץ?... בלויז בלוט וועט אָפּוואשן די שאנד...** (קערט זיך צוריק צו דער נאָרע).

**סארזשאנט:**

**דערווייל, גלויב איך, איז גלייכער צו שווייגן...**

**סאלאמאָן:**

(בלייבט שטיין אין מיטן צעל און גיט זיך מיטאמאָל אַ קער אום צום סארזשאנט). **שווייגן?! און זיי זאָלן זיך איזדעקעווען איבער אונדז?...**

**סארזשאנט:**

(פאלט אריין אין די רייד). **זיי זיינען אויפן פערד... אז מען וואָלט אייך פריי געלאָזן, וואָלט איר דאָך ווייטער געקאָנט טאָן אייער ארבעט.**

**סאלאמאָן:**

(מאַכט אַ טריט נעענטער צום סארזשאנט). **די טרחה מיינע, וואָלט אַלץ איינס געווען אומזיסט.** דערצו וואָלט איך אַלץ איינס געהאנדלט ווי אַ טרוס און אַ פאַררעטער. איר האָט דאָך אַליין געזאָגט, אַז קיין מצוות טוען זיי ניט!

**סארזשאנט:**

**נו, יעדער איינער דענקט, אז ער איז גערעכט.**

**סאלאמאָן:**

(קומט צו זייער נאָענט צו דער גראַטע וואו דער סארזשאנט שטייט). **אָ, איר ערלעכע, נאַאיווע סאָלדאטן: וואָס וואָלט קלינגען געטאָן אָן אייך?... אַ קאָפּ אָן הענט און אָן פיס...**

**סארזשאנט:**

(שליסט אויף די טיר און גייט אריין נעענטער צו סאלאמאָנען. פאלט אריין אין די רייד). **דאָס איז אַלץ ריכטיק. דעריבער בין איך געקומען אייך וואָרנען. דאָס מאָל, מיינען זיי צו מאכן מיט אייך אַ שנעלן סוף. פארוואָס האָט איר זיך ניט דערקלערט שולדיק?**

**סאַלאמאָן:**

אין וואָס זאָל איך זיך דערקלערן שולדיק? איך האָב קיינעם ניט געמאָרדעט. איך האָב קיינעם ניט באַגנבעט. איך שטים פּשוט ניט איין, אז די בריטישע זאָלן הערשן איבער די קאָלאָניעס.

**סאַרזשאַנט:**

(קוקט סאלאמאָנען גלייך אין פּנים אריין מיט באַדויערן). איך זע אייער לעבן און פאַרשטיי אייך זייער גוט. (נעמט ארויס פון היטל א פּאַפּיר און לייענט). אָבער, זעט אין וואָס מען באשולדיקט אייך: מען באשולדיקט אייך, אז איר אָרגאניזירט די אומצופרידנקייט צווישן די געדונגענע סאָלדאַטן, און איר העלפט זיי אנטלויפן אהיים. איר גיט זיי געלט און שטעלט זיי צו פאַלשע דאָקומענטן. איר זייט א פירער פון א באנדע. צוליב אייך האָבן רעזיגנירט די בעסטע אָפיצערן פון גענעראל העיסטערס שטאָב... (קוקט אויף סאלאמאָנען וואָס שטייט און קוקט דערווייל אַריין אין תנכ״ל). און נאָך פאַרברעכענס ווערן דאָ אויסגערעכענט. איר פאַרשטייט? פון אזא געפערלעכן שונא מוז מען שנעל פּטור ווערן!

**סאַלאמאָן:**

(הויבט אויף דעם קאָפּ שטאָלץ. קוקט דעם סארזשאנט אין פּנים אריין, פאָרשענדיק). דאָס איז אלץ ריכטיק, וואָס איר האָט דאָ געזאָגט. דאכט זיך, אַז איך האָב שוין דאָס געהערט פון גענעראל קלינטאָן אליין... צוליב וואָס זאָגט איר דאָס איבער נאָכאמאָל?... (עס איז שטיל. ביידע קוקן זיך גלייך אין פּנים אריין, ווי ביידע וואָלטן זיך געפּאָרשט)... דאכט זיך, אַז איר זייט אָ פוקס אין אַ שעפּסענער פעל... בא מיר וועט איר גאָרניט דערגיין!... (גייט צוריק צו דער נאָרע. זעצט זיך אוועק און קוקט אריין אין ספר).

**סאַרזשאַנט:**

(גייט ארויס פון דער צעל. פארמאכט די טיר. גייט אינגאנצן ארויס פון דער תפיסה מיט שליסלען אין דער האנט. עס איז שטיל א ווײַלע. מען הערט פון די אנדערע תפיסה קאמערן דאָס קרעכצן פון ארעסטאַנטן. דער סארזשאנט קערט זיך אום. ער גייט אריין אין דעם צעל. בלייבט שטיין בא דער טיר און רופט אז סאלאמאָן זאָל אהערקומען צו אים. ער רעדט בסוד). אפשר קענט איר זיך דערמאָנען: ווען גענעראל העיסטער האָט אייך ־לעצטן מאָל ארויסגענומען פון דער פראָוועסט טורמע, אין שטאָב אריין, אָלס איבערזעצער פון שפּראַכן?... גענעראל ראבינסאָן האָט נאָך דאמאָלט געוואָלט אייך אויפהענגען... איך האָב אייך דאמאָלט געראטעוועט. איך האָב זיי געראטן אייך שיקן מיט א קוריער צו גענעראל



האָל. דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען וואשינגטאָן און גרין האָבן אַטאַקירט גענעראל האָל׳ן לעבן טרענטאָן. געדענקט איר דאָס?... איצט איז אָבער די זאַך זייער געפערלעך פאר אייך...

**סאַלאמאָן:**

איך וויל בעסער הענגען אויפן שטריק, איידער פארראטן מיין לאַנד און דעם קאַמף פאר פרייהייט!

**סאַרזשאַנט:**

קענט איר זיך ניט דערמאָנען, אז נאָך דאמאָלט, האָב איך אייך געזאָגט אַז איך בין מיט אייך? איך האַס די טיראנען און איך פיל זיך שטאַרק דערנידעריקט, ווען איך דערמאָן זיך: אז איך בין א פארקויפטער סאָלדאט צום קעניג דזשאָרדזש! אָט, דעריבער בין איך גרייט אייך צו העלפן מיט אלץ, וואָס איז נאָר אין מיינע מעגלעכקייטן. איך האָב אייך דאמאָלט געהאָלפן און וויל אייך איצט העלפן. דערצו, זייט איר א פיינער מענטש. איר העלפט ארויס מיינע, גערמאַנישע ברידער...

**סאַלאמאָן:**

(שטייט אין א פאָרלעגענהייט). דאָס איז צו גוט אז עס זאָל זיין אמת!...

**סאַרזשאַנט:**

איר גלויבט מיר ניט? אָט וועט איר מיר באַלד גלויבן. (ער לויפט ארויס. סאלאמאָן קוקט אים נאָך. ער קומט באלד צוריק צוזאמען מיט אריה ברזל. דער סארזשאנט בלייבט שטיין בא דער טיר. ער שטופּט דעם אלטן אז ער זאָל אריינגיין. אריה גייט אריין. ער באטראכט סאלאמאָנען פון אויבן ביז אַרונטער. סאלאמאָן שטייט אַ דערשראָקענער. דער סארזשאנט שטייט ווי א זיגער).

**סאַלאמאָן:**

(גיט א פאל ארויף אויף אריהס אקסל). רב אריה!...

**אריה:**

(זיפצט). אזוי איז שוין דער גורל פון דעם, וואָס שטעלט זיך איין פארן כלל... נו, גם זו לטובה...

**סאַלאמאָן:**

(אומגעדולדיק). וואָס מאַכט רחל? און דאָס קינד וואָס מאַכט? האָבן זיי געפונען דעם בריוו וואָס איר האָט געבראַכט?...

**אריה:**

מילא, שרעקן דארפסטו זיך ניט. אלץ וועט זיין רעכט. דעם בריוו

האַט מען אַוועקגעגעבן בנימין העריסן. ער וועט שוין טאָן דאָס, וואָס עס איז אָנגעוויזן אין בריוו . . .

**סאַלאַמאָן:**

(אויפגערעגט. גייט איבערן צימער). געלויבט צו גאָט אַז דאָס איז דערליידיקט! (זיפצט אָפּ). אָבער זיין זי וועט עס ניט אויסהאַלטן... (צו אריהן). געכטן אין דער צייט האָב איך זיך געשפּילט מיטן קינד! זאָגט מיר כאָטש, האָב איך ריכטיק געהאַנדלט, רב אריה?...

**אַריה:**

(הייבט די פּלייצעס און זיפצט). גאָטס דרכים זיינען פאַרבאָרגן... ווער קען וויסן?...

**סאַלאַמאָן:**

(ווייזט אריהן אויף אַ צווייטער צעל אריין פון וואַנען עס הערן זיך קרעכצן, פּונקט אין דער צייט און ווייזט אויפן האַרצן). רב אריה, א לוויה קומט פאָר אין מיין האַרצן... (רעדט, כמעט מיט טרערן). וואו זאָלן אונדזערע אויגן פאַלן? וואו זאָל זיך אונדזער בליק ווענדן?!...

**אַריה:**

(נעמט אַרויס א פאַטשיילע פון דער קעשענע. ווישט אָפּ די שמוץ פון סאַלאַמאָנס פּנים און רעדט). שטאַרק זיך חיים, שטאַרק זיך! פאַרלאָז זיך אויף גאָט. דיינע וועגן זיינען אמתע און ערלעכע! שטאַרק זיך!...

**סאַרזשאַנט:**

(נעמט אָן אריהן באַם אָרעם און הייבט אים אָן אַרויספירן). גענוג געפלאַפּלט. די צייט שטייט ניט. די וואַך וועט זיך באַלד בייטן!...

**אַריה:**

(גיט סאַלאַמאָנען די האַנט). זיי מצליח, חיים! גאָט וועט העלפן!...

**סאַלאַמאָן:**

(בלייבט שטיין בא דער גראַטע. קוקט נאָך ווי דער סאַרזשאַנט פירט אַרויס דעם אַלטן. עס נעמט ניט לאַנג און דער סאַרזשאַנט קומט צוריק. זיין פּנים שיינט פאַר פרייד. סאַלאַמאָן גייט איבערן צימערל פאַרזאָרגט. ער האַלט זיך באַם קאָפּ). וואָס טוט מען?... וואָס טוט מען?!...

**סאַרזשאַנט:**

מען אַנטלויפט! די סאָלדאַטן האָבן צוגעשטימט צו נעמען כאַבאַר! צוויי הונדערט פונט!...



**סאַלאַמאָן:**

(בלייבט שטיין פאַרוואונדערט). טאָמער?..

**סאַרזשאַנט:**

(פאַלט אַריין אין די רייד). איצט דאַכט זיך, מעגט איר שוין גלויבן? איר ווילט דאָך ניט אַז איך זאָל אייך אַריינברענגען אייער פרוי אויך, כדי זיך צו איבערצייגן?...

**סאַלאַמאָן:**

דאָס איז צו גוט עס זאָל זיין אמת... עס קלינגט ווי א חלום!...

**סאַרזשאַנט:**

לאָזט איבער די קאָמפּלימענטן אויף אַן אַנדערש מאָל. מאַכט עס שנעלער און פאַטערט ניט קיין ווערטפולע צייט. כאָטש וואַשינגטאָנס לאַגע איז זייער א קריטישע! אַן אַרמיי אָן שיך, אָן קליידער און אָן עסן, איז קיין אַרמיי ניט. אויב דער שונא וועט זיי ניט פאַרניכטן, וועלן זיי אומקומען פון הונגער און קעלט... קודם זייט איר אויף דער פריי. זאָל מיין געוויסן זיין רואיק...

**סאַלאַמאָן:**

גאָט וועט זיי העלפן!

**סאַרזשאַנט:**

(שמייכלט). אפשר אייער גאָט. ער האָט דאָך אַמאָל געשפּאָלטן דעם ים! (קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטן). נו, וואָס זאָגט איר? מיר טאָרן ניט פאַרלירן קיין צייט!...

**סאַלאַמאָן:**

(גיט א זיפץ). איך האָב אַזויפיל באַרעס געלט. מיין פרוי ווייסט וואו עס ליגט.

**סאַרזשאַנט:**

זי האָט עס מיר שוין געגעבן. (נעמט אַרויס פון בוזעם קעשענע צוויי פּעקלעך פאַפּירענע געלט און שטופּט עס סאַלאַמאָנען אין דער האַנט אַריין). צוויי הונדערט און פינף און צוואַנציק. אין דעם פּעקל איז פאַראַן צוויי הונדערט און אין דעם קליינעם, פינף און צוואַנציק. די צוויי הונדערט וועט איר געבן דער וואַך. די פינף און צוואַנציק, זיינען פאַר אייך, אויף הוצאות. איר מוזט אָבער שנעל פאַרלאָזן ניו־יאָרק. (נעמט אַרויס פון שטיוול א קאָנווערט און דערלאַנגט סאַלאַמאָנען). דאָ איז א דאָקומענט מיט וועלכן די וואַך וועט אייך אַדורכלאָזן. איר וועט באַלד אַריבער־

שווימען דעם טייך. ווען איר וועט שוין זיין אין ניו־דזשוירזי, צעשטערט די פאפירן און מאכט זיך א וועג צו אייער פרייהייט!

**סאלאמאָן:**

(נעמט דאָס געלט און לייגט עס אריין אין קעשענע. דעם דאָקומענט פארשטופט ער טיף, צום לייב, אונטערן העמד). ווען זאָל איך גיין?...

**סארזשאנט:**

ווארט א ווײַלע (גייט אָפּ).

**סאלאמאָן:**

(בלײַבט שטיין אין דער אָפענער תפיסה־טיר, מיטן פנים צום עולם און דעם קאָפּ אויפגעהויבן. רעדט צו זיך אליין). זיי וועלן קאָנפיסקירן מיין גאַנץ פארמעגן. און זי איז געבליבן אָן אַ סענט, מיט א פיצל קינד אויף דער האנט!... (שטייט פארטראכט א ווײַלע. רייבט זיך דאָס פנים פון זאָרג. קערט זיך אום צו דער נארע. נעמט דעם הוט, די פּעלערינע און דאָס תנ׳כל לייגט ער אריין אין דער קעשענע. באטאפּט די קעשענע צי ער האָט אַלץ. קערט זיך אום צו דער טיר. האלט די טיר אין האנט און שטייט מיטן פנים צום עולם). אַ חוץ די צרות וואָס גאָט שיקט אויפן כלל, שיקט ער אויך נסיונות אויפן יחיד. (ער שטייט אזוי א ווײַלע. עס איז שטיל. ניט מער, עס הערט זיך דאָס קרעכצן פון אנדערע ארעס־טאַנטן אין אנדערע צעלן). אַך, רחל מיין ליבע! דו זיצסט לעבן דיין קינד און וויינסט!... (ער גיט א ציטער. עס באווייזט זיך דער סארזשאנט. ער ווינקט צו סאלאמאָנען מיטן פינגער אז ער זאָל קומען. הייבט אָן גיין...

דער פאָרהאנג לאָזט זיך ארונטער פּאמעלעך.

סוף פון ערשטן אקט.



## צווייטער אַקט

### ערשטע סצענע

עטלעכע יאָר שפּעטער, פון דעם ערשטן אקט. ווען דער פאָרהאנג עפנט זיך אויף, זעט זיך א געדיכטער וואַלד מיט ברייטע און ווייטע פעל־דער. פון דערווייטנס זעט זיך ארויס א דאָרף און א שפּיץ פון א קירכע. עס איז פאָרטאָג. דער מאָרגנשטערן הייבט זיך ערשט אָן צו באווייזן. די בינע איז ליידיק. מיטאַמאָל קומט ארויפצולויפן חיים סאלאמאָן. ער איז פיל געעלטערט געוואָרן. ער בלײַבט שטיין און הוסט זייער שטאַרק. נאָך אים קומט אַרויף חצקל אין שטיוואלעס, אין אַ שוואַרצן מאַנטל פון אַ קוטשער אין יענער צייט און די בייטש אין דער האַנט. ביסלעכווייז ווערט ליכטיקער אויף דער בינע, אזוי, אז ווען די סצענע ענדיקט זיך, איז שוין גרויסער טאָג. חצקל, אַריינקומענדיק, בייזערט ער זיך:

**חצקל:**

דאָס זיינען פוילע יונגען, די זעלנער! איידער מען גיט זיך א ריר און איידער וואָס (גיט אַ מאַך מיט דער האנט, ווי רעזיגנירט), איר הערט, באלעבאָס: ווען איך בין אַ פאָלקאָווניק, וואָלט איך זיי געוויזן...

**סאלאמאָן:**

(פּאלט אים אריין אין די רייד). איר זייט אויך א גרויסער שיסער! איר קענט נאָר שרייען אויף אַנדערע!

**חצקל:**

קיין איין שעה וואָלט איך ניט געווען מיט זיי אויפן פראָנט! אויף מיינע נאמנות!

**סאלאמאָן:**

(פאַלט אריין אין די רייד און גיט א מאַך צו אים מיט דער האנט). ווען איר וואָלט ניט געשלאָפן, וואָלט די בריטשקע ניט אריין אין גרוב. וואָס וועלן מיר איצט טאָן? (עס איז שטיל אַ ווײַלע). גייט חצקל, בעסער אין דאָרף אַריין. מען דאַרף זען עמיצן, וואָס זאָל העלפן אַרויסשלעפּן די בריטשקע פון דער בלאָטע. אז ניט, וועלן מיר דאָ פאַרפאַלן ווערן. מאָרגן איז דאָך ערב יום־כיפור!

**חצקל:**

אָט, ביי איך שוין אין דאָרף אריין, באַלעבאָס. (בלייבט שטיין און קראַצט זיך אין קאָפּ). וואו וועט דער באַלעבאָס זיין, ווען איך וועל גיין אין דאָרף?

**סאַלאַמאָן:**

זאָרגט זיך ניט פאַר מיר. ביז איר וועט זיך אויסקראַצן, וועל איך דערווייל צו גיין אין שטאָב אריין!

**חצקל:**

איר וועט אליין גיין אַזאַ ווייטן מהלך? חלילה! איך וועל אייך ניט לאָזן גיין אליין אזא ווייטן מהלך!

**סאַלאַמאָן:**

רב חצקל, מען דאַרף זען ארויסשלעפּן די בריטשקע פון גרובן

**חצקל:**

(דערשראָקן פון דעם באַלעבאָס׳ פעסטן באַשלוס). אָט, לויף איך שוין אין דאָרף אריין! (בלייבט ווידער שטיין און קראַצט זיך דעם קאָפּ).

**סאַלאַמאָן:**

וואָס איז שוין ווידער?

**חצקל:**

וואו זאָל איך וואַרטן אויפן באַלעבאָס?

**סאַלאַמאָן:**

לעבן דער ראַגאַטקע פון שטאָב. (הוסט ווידער שטאַרק). מאַכט דאָס שנעל. עס איז מאָרגן יום כיפור! (הייבט אָן גיין אראָפּ פון דער בינע).

**חצקל:**

(גייט נאָך און שרייט אים נאָך). באַלעבאָס לעבן, איר׳ט ניט פאַרגעסן צו רעדן מיט זיי וועגן מאַכן מיך פאַר אַ פּאָלקאָווניק? אין קאַוואַלעריע! אין קאַוואַלעריע וויל איך! אירט ניט פאַרגעסן?...

**סאַלאַמאָן:**

(פון יענער זייט בינע). מעט ריידן מעט ריידן. מ׳וועט וועגן אַלץ ריידן.

חצקל גייט אויך אַפּ אין דער זעלבער ריכטונג וואָס סאַלאַמאָן. ער קראַצט זיך אין קאָפּ, ווי ער וואָלט געצווייפלט צי סאַלאַמאָן וועט רעדן וועגן אים. די בינע איז אַ קורצע ווילע ליידיק. עס באַווייזן זיך אויף



דער בינע אריה ברזל מיט זיין אייניקל סעמיועל. ביידע זיינען באַלאָדן מיט צווי גרויסע פּעק. אריה גייט אָנגעשפּאַרט אָן אַ שטעקן. ער איז פיל געעלטערט געוואָרן. זיין לאַנגע באָרד איז איצט ווייס ווי שניי. ווען ער קומט אַרויף אויף דער בינע, גלייכט ער אויס די ביינער און קוקט אויפן הימל. דאָס אייניקל בלייבט אויך שטיין.

**אריה:**

אַזאַ מהלך... אַזאַ מהלך... סכנות נפשות... (זיפצט). דאַנקען השם יתברך, וואָס מיר זיינען שוין נעענטער, ווי ווייטער.

**סעמיועל:**

זיידע, ווי לאַנג נאָך וועלן מיר זיך דאַרפן ארומשלעפּן?

**אריה:**

(שפּאַנט ווייטער). הע, הע, הע!... ווער ווייסט?...

**סעמיועל:**

(מיט געבעט). לאָמיר זיך צוזעצן אויף אַ וויילע, זיידע. איך בין אַזוי מיד. די פיס ברעכן...

**אריה:**

(שטעלט זיך אָפּ און קוקט מיט רחמנות אויפן אייניקל). מוט און געדולט, מיין קינד. עס וועט ניט נעמען לאַנג און מיר וועלן זיין אין פילאַדעלפיע. אריה ברזל האָט זיך קיינמאָל ניט אָפּגעשטעלט אין מיטן וועג. דאָס מאָל האָט מען אים אָנפאַרטרויט אַ וויכטיקע עובדה. איך מוז זען חיים סאַלאַמאָן, נאָך היינט באַטאָג, איידער די זון וועט זיך זעצן. מאָרגן איז דאָך ערב יום כיפור!

**סעמיועל:**

(מיט געבעט). די זון איז נאָך ניט ארויס. עס איז נאָך זייער פרי און מיר האָבן נאָך אַ גרויסן טאָג פאַר זיך. דאָ איז אַזוי גוט און מיינע פיס זיינען אַזוי מיד...

**אריה:**

ניין, מיין קינד. אַז אין שטאָב האָט מען געהאַט גלויבן אין מיר און מען האָט מיר אָנפאַרטרויט אַזאַ וויכטיקע מיסיע, מוז איך זי גלייך אויספירן... איך מוז זען חיים סאַלאַמאָן, איידער מען שטעלט זיך זאָגן כל נדרי.

**סעמיועל:**

(פאַלט אַריין אין די רייד). אַז מירן זיך צוזעצן אויף אַ ווילע, וועסטו

אים נאָך אַלץ קענען זען... טאַ לאָמיר זיך צוזעצן אויף אַ ווײַלע. יאָ, זיידעז...

**אריה :**

(בלײַבט שטיין און קראַצט זיך אין קאָפּ. קוקט אין דער ווײַסקײַט אַרײַן און אויך אויפן אייניקל). זאָל זײַן ווי דו ווילסט. אָבער ניט אויף לאַנג! (גייט אַפּ אַן אַ זײַט. שטעלט אַוועק דעם שטעקן אָנגעשפּאַרט אין אַ קלאָץ. נעמט אַרונטער דעם זאַק פֿון דעם אייניקלס פּלייצע און אויך פֿון זיך. לייגט די לעבן זיך).

**סעמיועל :**

איך האָב דיך אַזוי ליב, זיידע. דו ביסט אַזאַ גוטער... (ביידע זעצן זיך אַוועק לעבן די זעק, אָנגעשפּאַרט אין קלאָץ. דער אַלטער קרעכצט). וואָס קרעכצסטו, זיידעז

**אריה :**

(ענטפֿערט ניט. ליגט מיט האַלב פֿאַרמאַכטע אויגן. דרייט זיך, קרעכצט. קען זיך קיין אָרט ניט געפֿינען).

**סעמיועל :**

(שטעלט זיך אויף די קני. קוקט אויפֿן זיידן. ער איז אַביסל דערשראָקן). זיידע, עס איז דיר ניט גוט? זאָג...

**אריה :**

(זיפֿצט. קרעכצט און האַלט פֿאַרמאַכט די אויגן). פֿאַר אַזאַ מענטשן ווי איך, אין מײַנע יאָרן, איז בעסער אַז מען זעצט זיך ניט. אַז מען זיצט, טראַכט מען וועגן פֿאַרשיידענע זאַכן.

**סעמיועל :**

וועגן וואָס טראַכטסטו?

**אריה :**

(האַלט פֿאַרמאַכט די אויגן. רייבט די פֿיס און זיפֿצט). די מאַמע דײַנע, איז געשטאָרבן. נאָך גאָר אַ יונגע געווען, די מאַמע דײַנע. דער טאַטע דײַנער, איז דערשאָסן געוואָרן אויפֿן פֿראָנט, פֿון די בריטישע און איך בין שוין אַזוי אַלט... די פֿיס ווילן מער ניט דינען, דעם אַלטן. (זיפֿצט). איך וואָלט רואיק געקענט צומאַכן די אויגן, ווען איך ווייס אַז איך לאָז דיך איבער אין אַ פֿרייער מדינה, וואו מען זאָל מער ניט טרײַבן און פּלאָגן די יידן. דו זאָלסט קענען זיצן רואיק אין דײַן שטיבל, אויף דײַן אייגן שטיקל ערד און לעבן פֿון דײַן אייגענער פּראַצע. (פּרובירט אײַנשלאָפֿן).



**סעמיועל :**

(אַביסל אויפֿגערעגט. שטעלט זיך אויף די קני און קוקט אויפֿן זיידן). ניין! איך וויל ניט קיין שטיקל ערד! איך וויל אַ ביקס! אַ ביקס וויל איך! ווען איך וועל עלטער ווערן זאָל איך קענען נעמען נקמה אין דעם פֿאַרגאָסענעם בלוט פֿון מײַנע טאַטע־מאַמע! איך וויל זײַן אַ קאָלאָנעל ווי אייזיק פֿראַנקס! (לייגט זיך צוריק אַוועק און פֿאַרמאַכט די אויגן). זיידע, דו שלאָפֿסט?...

**אריה :**

ווי קען אַזאַ ייד, אין מײַנע יאָרן שלאָפֿן! (זעצט זיך אויף. שטאָפּט אָן די ליולקע מיט טאַבעק). אַלע מײַנע יאָרן, בין איך מיטן פּאַק אויף די פּלייצעס, צווישן אינדיאַנער און פֿראַנצויזן, ווײַסע און שוואַרצע אַרומגעגאַנגען. (פֿאַררייכערט די ליולקע). אַלע סכנות אויסגעשטאַנען און בײַ קיינעם קיין הילף ניט געבעטן. (מאַכט זיך גלײַך און פּיפּקעט די ליולקע). איך בין געווען אויף פּלעצער, וואו קיין מענטשלעכער פֿוס האָט נאָך ניט געטראָטן און קיינמאָל ניט מיד געוואָרן זוכנדיק אַ שטיקל פּלאַץ, וואו איך זאָל קאָנען לעבן רואיק, מיט מענטשן גלײַך...

**סעמיועל :**

(ליגענדיק אונטערגעשפּאַרט די הענט אונטערן קאָפּ). האָסטו קיינמאָל אַזאַ לאַנד ניט געפֿונען, אַ לאַנד וואו דו זאָלסט קענען לעבן רואיק און פֿרײַ?... (הייבט אָן אײַנשלאָפֿן).

**אריה :**

(מיטן פּנים צום עולם). יאָ, מײַן קינד: אָט דאָס לאַנד, אויף וועמענס ערד מיר טרעטן אַצינד. ווײַט אין די ימען. ווייניק מענטשן האָבן די ערד באַטראָטן. דאָ איז אַלץ, נאָך אַזוי רוי און ווילד. דאָס איז אַן אינדזל פֿון זבת, חלב ודבש. (וואָס ווײַטער, רעדט ער מיט מער באַגײַסטערונג, ביז ער פֿאַלט אַרײַן אין אַ טיפֿן עקסטאַז). דאָ קענען פֿעלדער מיט פֿעטע זאַנגען אויף מײַלן ווײַט, זיך ציען. סעדער, וועמענס צווײַגן זײַנען באַלאָדן מיט פּרות, ווי דער פֿעדלער מיט זײַן שווערער מאַסע. דאָ וועלן שטילע רעגנס באַפֿרוכבערן די ערד. צאַרטע ווינטן וועלן די פֿליגל, פֿון די ווינטמילן טרײַבן. דאָ זײַנען גרויסע טײַכן, וואו די פֿישער קענען זייערע נעצן ווײַט פֿאַרשפּרייטן. באַלאָדענע זעגלשיפֿן וועלן די ברייטע ימען שנײַדן. פֿון די געדיכטע וועלדער וועט מען שיינע הײַזער בויען. שמידן, וועלן כלים שמידן. (זיפֿצט). אַך, דאָס איז אַ גאָלדן לאַנד... אָט דאָ, מײַן קינד, וויל איך, אַז דו זאָלסט זיך אַ היים געפֿינען... (קוקט אויפֿן אייניקל. זעט אַז ער איז אײַנגעשלאָפֿן. זיפֿצט און לייגט זיך אויך

אוועק). אוי, מיינע פיס. עס זאָל נאָר היינט ניט רעגענען... (קוקט אויפן הימל). איך בין שוין באמת אַלט...

אריה ברזל שלאָפט אויך איין. עס ווערט אַביסל ליכטיקער. עס קומען ארויף אויף דער בינע אַ צאָל פויערים: צווישן זיי געפינען זיך מיסטער און מיסעס פאַסטער, מיסעס עווענס, מיסעס מעקאַרמעק און דזשודיס. זיי טראָגן קאָשיקעס, לאָפּעטעס, גראַבלעס, און אַנדערע פעלד מכשירים. זיי גייען איצט אין פעלד אַריין ארבעטן. זיי דערזעען די צוויי וואנדערער שלאָפן, בלייבן זיי שטיין פאַרגאַפט. מער פון אַלע, בלייבט ווי צוגעשמידט, דער אַלטער מיסטער פאַסטער. ער קוקט אויף אריהן און דרייט זיך די גרויסע וואָנסעס. ער ווענדט זיך צום ווייב, מיט פרייד:

**מר. פאַסטער:**

דו זעסט, ווער דאָס איז?!

**מרס. פאַסטער:**

דאָס איז דאָך דער אלטער פעדלער. (זי צלמט זיך). יעזוס מאַריאַ! (צו די איבעריקע וואָס שטייען פאַרגאַפט און ווייסן ניט וואָס דאָ קומט פאָר). שכנים, מיין מאַן האָט אייך פיל מאָל דערציילט וועגן דעם גוטן יידן!... אָט דאָס איז ער! איך זאָג אייך, עס איז וואונדערבאר צו באגעגנען זיך מיט די יידן!... זיי זיינען אַזעלכע גלויביקע!...

**מר. פאַסטער:**

(צו די פויערים). פיינע מענטשן, די יידן! אַן אַלט פאָלק. (מיט באַדויערן). העלפן יעדן איינעם, און אַליין, קענען זיי זיך ניט העלפן . . .

**מרס. מעקארמיק:**

א רחמנות (וויזט אויפן שלאָפעדיקן יינגל). אַזאַ קליין יינגל זאָל זיך דאַרפן ארומשלעפן איבער דער וועלט. א רחמנות...

**דזשודיט:**

דער יינגל איז אַזאַ שיינער...

**מר. פאַסטער:**

(מיט אַ הויכן, פויערישן געלעכטער). שוין, אין ערשטן אויגנבליק, פאַרליבט זיך! ...

**דזשודיט:**

(אַביסל פאַרשעמט). איך וויל ניט קיין שענערן פון אים!...

**מרס. מעקארמיק:**

(צו דזשודיטן). דו רעדסט אַביסל צו פריי, מיין קינד!

דער געשפרעך וועקט אויף דעם אַלטן אריה. אין אַנהויב באַמערקט



ער ניט ווער עס שטייט לעבן אים. ער וועקט דאָס אייניקל און רעדט צו זיך אליין: שאָקלט מיטן קאָפּ אויפן אייניקל).

**אריה:**

איינגעשלאָפן, נעבעך. מיד פון וועג! סעמיועל, מיין קינד, עס איז שוין גרויסער טאָג . . . (קוקט אויף די מענטשן). די פאַרמערס גייען שוין אין פעלד אַריין. (סעמיועל הייבט זיך אויף, ווישט זיך די אויגן, ער איז האלב פאַרשלאָפן. אריה שטעלט זיך אויף).

**מר. פאַסטער:**

(מיט אַ הילכיק געלעכטער. ער לויפט צו צו אריהן און דערלאַנגט אים די האנט). זיי געגריסט, גוטער אריה! ווי קומסטו דאָ אהער?!

**אריה:**

(דערלאַנגט אים די האנט). צופיל פאַרשלאָפן!... (נעמט צוזאַמען דעם זאַק). אַך, שווערע צייטן...

**מרס. עווענס:**

פון וואנען קומסטו אלטער? פון וועלכן לאַנד ביסטו?...

**אריה:**

(זיפצט). איך קום פון אַ לאַנד, וואָס איז ווי אַ גהינום. מענטשן פאַלן פון דעם שווערן יאָך. דאָ איז כאָטש אַ שיינער הימל איבערן קאָפּ. (קוקט זיך אַרום). די וועלט איז ברייט און פריי. די מענטשן זיינען דאָ גוטע...

**מרס. מעקארמיק:**

(פאלט אריין אין די רייד). טאַ, בלייב זשע דאָ, ייד. רו דיינע ביינער אויס. די רעוואָלוציע וועט זיגן, וועלן מיר אַלע וואוינען אין אַ פריי לאַנד!

**דזשודיט:**

(וואָס האָט די גאַנצע צייט ניט אַרונטער גענומען די אויגן פון סעמיועלן, ווענדט זיך מיט פרייד צו מיסעס מעקאַרמיק). זיי וועלן דאָ בלייבן, מיסעס מעקאַרמיק? . . .

**מרס. עווענס:**

ווער איז אָט דער יינגל?

**אריה:**

דאָס איז מיין אייניקל.

**מרס. מעקאָרמיק:**

(פאַלט ארײַן אין די רייד). נישקשה, איר וועט זיך גוט לעבן צווישן אונדז.

**מרס. פאַסטער:**

(צו אריהן). אפשר האָט איר דאָרט מײַן זון באַגעגנט? ער איז דאָך אין מאַיאָר נאַנעז בריגאַדע. (צו די פרויען) מײַן זון האָט אַ ידישן בריגאַדיר.

**מר. פאַסטער:**

(גיט אַ לייג ארויף די האַנט אויף אריהס אקסל). וואָס זאָגסטו אויף דעם? גענעראל גייטס, האָט מיך ניט געוואָלט צונעמען! צו אַלט, בין איך! (לאַכט און מאַכט אַ פויסט). איי, ווען מען לאָזט מיך; איך וואָלט געלערנט בלק מיט די אַריסטאָקראַטן . . .

**אריה:**

(גיט אַ מאַך מיט דער האַנט). וואָס שמועסט איר? אַ פײַנע קארוסעל . . . מען דרייט זיך און מען דרייט זיך, און קיין טאָלק זעט מען ניט! . . .

**מרס. עווענס:**

וואָס מיינט איר מיט דעם?

**אריה:**

(וויזט אויפן אייניקל). איר זאָלט זען ווי קינדער בלאָנקען ארום. אָן טאַטע מאַמע . . . פעלדער פאַרלאָזענע, דערפער צעשטערטע . . . אַך גאָט! . . . (קראַצט זיך דעם קאָפּ פון אומרואיגקייט) . . .

**מרס. עווענס:**

זאָרגט ניט: די זיבן גוטע יאָר וועלן נאָך קומען... די זון וועט נאָך אויך שײַנען ביי אונדזער טיר . . .

**מר. פאַסטער:**

(מיט אַ געביזער). נאַרישע מענטשן! רעדט, רעדט זיך אַרונטער פון הארצן! יענע לאַכן פון אײַך מיט פולווער און איר קרעכצט ווי די קוואַקעס. פרייהייט, מײַנע פריינט, קעמפט מען אויס מיט פולווער און בלוט! (מאַכט אַ פויסט). אַן אויג פאַר אַן אויג! (גיט זיך אומרואיק אַ דריי). איי, ווען מען וואָלט היינט געקענט מאַכן אַז די זון זאָל בלײַבן שטיין, ווי יהושע האָט עס געטאָן בא די טויערן פון ירחו! . . . (עס גיט אַ שטאַרקער דונער. אַלע דערשרעקן זיך. די גויים צלמען זיך און דער ייד שעפּטשעט אַ ברכה).



**מרס. עווענס:**

מיסטער פאַסטער, אפשר וואָלטן מיר דאָ ניט געשטאַנען, נאָר פאַרבעטן דעם יידן אין דאָרף ארײַן? ער האָט נאָך אוודאי היינט אין מויל ניט געהאַט?

**מרס. פאַסטער:**

זייער אַ גוטער פּלאַן. (זי קוקט אויפן הימל). עס גייט באַלד רעגנען! (צו אריהן). איר וועט היינט פון אונדז ניט אוועקגיין. קומט אין דאָרף ארײַן, וועט איר זיך אויסרוען!

**אריה:**

(נעמט דעם זאַק און גרייט זיך אים ארויפלייגן אויפן אקסל). עס וועט געזונט זײַן, גוטע מענטשן. אַ דאַנק אײַך, פאַר אײַער גוטהארציגקייט. איך מוז זיך אײַלן. עס איז שוין אַזוי אויך צו שפּעט.

**דזשודיט:**

(וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען און געשמועסט מיט סעמיועלן, גיט אַ לויף צו מיסעס מעקאָרמיק). מיסעס מעקאָרמיק, בעט זיי אַז זיי זאָלן דאָ בלײַבן! . . .

**סעמיועל:**

(גייט צום זיידן. דער אַלטער טוט אים אָן דעם זאַק אויף די פּלייצעס). זיידע, גוטער זיידע: איך בין שוין אַזוי מיד פון ארומשלעפּן זיך . . .

**אריה:**

(גלעט סעמיועלן איבערן קאָפּ און טוט אָן דעם זאַק. אין דער זעלבער צייט, רוימט ער אים איין אַ סוד). קינד מײַנס: דו ווייסט ווען מען איך דאָרף היינט זען . . . (צו די מענטשן). היינט איז אַ גרויסער יום־טוב בא אונדז יידן. איך מוז גיין אין סינאַגאָגע בעטן גאָט . . .

**מרס. מעקאָרמיק:**

טאָ, לאָזט דאָס קינד מיט אונדז. מירן גוט אכטונג געבן אויף אים. (צו סעמיועלן). וועסט בלײַבן מיט אונדז, ביז דער זיידע וועט צוריקקומען?

**דזשודיט:**

(צו סעמיועלן מיט בעטנדיקע אויגן). בלײַב דאָ מיט אונדז... איך... (די טרערן שטיקן איר אין האַלדז. זי ענדיקט ניט דעם זאַץ און גייט אַוועק אין אַ זייט).

**סעמיועל:**

(קוקט אויפן זיידן, אויף די מענטשן און אויף דזשודיטן, וואָס איז

אוועק אין אַ זייט. עס באווייזן זיך אים טרערן אין די אויגן). אַ דאַנק, ליבע מענטשן. (טרויעריק. ער קוקט אויפן זיידן און זיפצט). מיין מאַמע איז געשטאָרבן. מיין טאַטע איז געהרגעט געוואָרן. עלנד און דער־שלאָגן איז מיין זיידע. איך קען דעם אלטן אליין ניט איבערלאָזן. (די פרויען מורמלען צווישן זיך מיט גרויס באַדויערן).

**דזשודיט :**
(גייט צו מיסעס מעקאַרמיק מיט פאַרוויינטע אויגן). מיסעס מע־קאַרמיק, (ווייזט אויף אריהן מיטן אייניקל וואָס שטייען שוין גרייט צו גיין). קען איך מיטגיין מיט זיי? . . .

**מרס. מעקאַרמיק :**
(פאַרוואונדערט פון דעם געוואַגטן פאַרשלאַג). מיטגיין מיט די יידן! . . . ווער ווייסט, וואו זיי גייען איצט? . . .

**מרס. עווענס :**
(גייט צו דזשודיטן. גלעט איר איבערן קאָפּ). זאָרג ניט, קינד. זיי בלייבן דאָ . . . זיי וועלן נאָך צוריקקומען . . . זיי וועלן קומען! . . .

**מר. פאַסטער :**
(גיט אריהן די האַנט). טאַ, גייט געזונטערהייט. (קוקט אויפן הימל). מיר דאַרפן גיין אין פעלד, איידער עס פאַלט א רעגן.

די פרויען ווישן די אויגן מיט די ברייטע פאַרטעכער. זיי זאָגן „פערוועל!״ צום אַלטן און הייבן אָן גיין. דזשודיט לויפט צוריק. זי גייט צו סעמיועלן אַ פאַרשעמטע.

**דזשודיט :**
זאָג צו, אז דו וועסט צוריקקומען . . . (לאָזט אַרונטער דעם קאָפּ).

**סעמיועל :**
(קוקט אויף דער זייט פון זיידן, וואָס איז שוין גרייט צום גיין. ער רעדט צו דזשודיטן). איך וועל צוריקקומען! . . . איך וועל צוריקקו־מען! . . .

דזשודיט גיט סעמיועלן די האַנט און כאַפּט זי באַלד צוריק. זי לויפט אוועק אין דער ריכטונג וואו די פאַרמערס זיינען אַוועק. סעמיועל קוקט איר נאָך און מאַכט מיט דער האַנט. ער מורמלט עפּעס. אריה ברזל הייבט אָן גיין. סעמיועל גייט אים נאָך מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. זיי גייען אזוי, ביזן עק פון דער בינע. מיטאמאָל, גיט זיך אריה א שטויס אָן אין דעם אָנקומענדיקן, פאַרהאַוועטן, חצקל. אַלע דריי בלייבן שטיין פאַר־וואונדערט. מען קוקט איינער אויפן צווייטן.



**חצקל :**
(דערלאַנגט אריהן אַ ברייטן שלום עליכם). שלום עליכם, רב אריה! ווי קומט איר דאָ אַהער?! (מיט באַדויערן). פאַרבלאָנדזשעט נעבעך . . . איר מעגט גומל בענטשן (נעמט אים ארום), וואָס מיר זיינען דאָ! . . .

**אריה :**
(פאַרוואונדערט פון דער באַגעגעניש. דערלאנגט אים די האנט. שמייכלט). ווי קומט איר דאָ אהער? . . .

**חצקל :**
מיר, ווי מיר קומען אהער? הערט א מעשה. מיר זיינען געפאָרן אין שטאָב אריין!

**אריה :**
איז חיים סאלאמאָן אויך דאָ? (לייגט ארונטער דעם זאַק אויף דער ערד).

**חצקל:**
וואָס הייסט? מיר זיינעןביידע דאָ! איר ווייסט דאָך, אַז דער באַלעבאָס קען זיך ניט געבן א ריר אָן מיר! איז וואָס זשע פרעגט איר קשיות? כאַפּט דעם אלטנס זאַק און שלעפּט אים צו צום קלאָץ, וואו זיי זיינען פריער געזעסן. נעמט ארויס פון קעשענע א פלעשל בראָנפן. אויב אזוי, איז, לאָמיר מאַכן א לחיים! (טרינקט פון פלעשל). עס איז נאָך צו פרי צו פארפאסטן! (פאָסמאַקעוועט זיך. ווישט אָפּ די באָרד און די וואָנסעס. דערלאנגט אריהן דאָס פלעשל).

**אריה :**
(שטופּט אָפּ דאָס פלעשל). ברענגט מיך שוין איצט, צו מיסטער סאלאמאָנען. איך מוז אים שוין איצט זען!

**חצקל :**
(פאַרוואונדערט, וואָס דער אלטער וויל ניט טרינקען). וואָס איז, א בעל תשובה געוואָרן אויף דער עלטער? לאָזט זיך ניט בעטן. (שטופּט אים דאָס פלעשל אין דער האנט אריין). דער רבי האָט געזאָגט, אַז ס׳איז געזונט צו נעמען א קאפּ בראָנפן!

**אריה :**
נו, גוט. (נעמט דעם בראָנפן און טרינקט). קום אהער מיין קינד, זעץ זיך אַוועק. (סעמיועל גייט צו צום קלאָץ און זעצט זיך אַוועק).

**חצקל :**
(זעצט זיך אַוועק אויפן שפּיץ קלאָץ. פארלייגט א פוס אויף א פוס. די בייטש צווישן די פיס. ער פארדרייכערט די ליולקע). אָך, די נאַראָנים וואָלטן געהאַט שכל . . .

**אריה:**

(זעצט זיך לעבן חצקלען. נעמט דאָס פלעשל. גיט נאָך אַ זופּ און גיט עס צוריק צו חצקלען). וואָס איז?

**חצקל:**

(גיט ווידער אַ זופּ. פּאַסמאַקעוועט זיך. פּיפּקעט די ליולקע). גאָט אייך אַ שמעק טאַבעק, פאַר אַזאַ מלחמה! אָפּגעריסענע האַלעדראַנצעס זייַנען זיי. ניט קיין זעלנער! (גיט אַ לייג אַרויף די האַנט אויף אריהס אַקסל). ווען מען לאָזט אונדז צו! האַ, רב אריה? מיר וואָלטן זיי געוויזן! (נעמט נאָך אַ לאַנגן זופּ פון פלעשל. פּאַסמאַקעוועט זיך). איר הערט, רב אריה: גאָט האָט אייך צוגעשיקט אין דער ריכטיקער צייַט. נישטאָ פאַר וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן . . .

**אריה:**

וואָס איז אַזוינס געשען, די קאַץ איז געלעגן געוואָרן?

**חצקל:**

נאָך ערגער! ((נעמט נאָך אַ טרונק בראָנפן. פּיפּקעט די ליולקע). נאָך ערגער!

**אריה:**

(רוקט צו דעם זאַק צו זיך. שפּאַרט זיך אָן אין שטעקן און הייבט אָן פאַרדרייכערן זייַן ליולקע). וואָס, לאָמיר שוין הערן?

**חצקל:**

שלעכט אויף מייַנע נאמנות! איר הערט, חתונה מאַכן ווילן זיי מיך . . . (פּיפּקעט די ליולקע, דרייט מיטן קאָפּ). ס'טויג ניט, זאָג איך אייך! ס'טויג ניט! . . .

**אריה:**

נו, האָט מען חתונה. צוריקגעשמועסט, אַז איר וועט ניט וועלן, וועט דאָך אייך קיינער ניט שלעפּן מיט קיין שטריק!

**חצקל:**

ווייס איך וואָס! מיר איז אַזוי אויך גוט! איך אַרבעט פאַר זיך אַליין! האָב מיר מייַנע פערד! דער באַלעבאָס האָט מיך ליב! די באַלעבאָסטע אויך און דאָס וואָס ווייַבלעך האָבן מיך אויך ליב, בין איך דאָך ניט שולדיק?! . . . צוריקגעשמועסט, אַ פערד קען ניט אַנטלויפן פון האָבער און אַ מענטש — פון גוטס!

**אריה:**

מיט וועמען רעדט מען אייך, ווער דאַרף דאָס זייַן די באַשערטע?



**חצקל:**

מאַכסט אַמאָל אַ ווערטל מיט ביילקע דער קעכן, צי אַ קניפּ אין בעקל אַרייַן, איז שוין אַ שידוך באַ זיי! (שטעלט זיך אויף און איז אין כעס). דערפאַר וואָס איך האָב איר געקויפט אַ שאַלעכל אויף פּסח, צו אַ קאָפּטענדל, דאַרף מען שוין גיין אונטער דער חופּה? אַ חרפּה און אַ שאַנד, זאָג איך אייך! (גייט איבער דער בינע אַ בייזער). ווער וואָלט דאָס געגלויבט אויף איר?! . . .

**אריה:**

הערט זיך איַין, חצקל: פון מענטשן קען מען זיך ווי עס איז באַהאַלטן. אָבער פון גאָט, פאַרשטייט איר מיך, איז שוין אַן אַנדערע זאַך . . . זי איז שוין ניט קיין יונג מיידעלע, מען זאָל זיך אַרום שפּילן מיט איר . . .

**חצקל:**

ווער שפּילט זיך אַרום מיט איר? (גייט איבער דער בינע און בייזערט זיך). מע טאָר שוין הייַנטיקע צייַטן, קיין ווערטל ניט מאַכן, צי וואָס? דאָס מויל דאַרף מען פאַרשטאָפּן! . . . (צו אריהן). מאַ שבכן, איך האָב איר געקויפט די פּאָר שמאַכטעס, צי מיר זייַנען געזעסן אויף דער באַנק צי איך גיי אַמאָל אַרייַן צו איר אין קיך, איז באַ זיי, שוין, אַ שידוך! ווער האָט דאָס געהערט פון אַזאַ זאַך? . . .

**אריה:**

דאָס מיידל איז אַ יתומה איר פאַרשטייט, דער רבונו של עולם האָט רחמנות אויף אַלע יתומים . . . זאָגט, ס'איז עפּעס פאַרגעקומען צווישן אייך . . . איך מיין . . .

**חצקל:**

(קראַצט זיך אין קאָפּ פון עגמת נפש). איר זייט דאָך שוין ניט בעסער פון זיי! . . . געוואַלט! וואָס האָבן זיי זיך צוגעטשעפּעט צו מיר? (צו אריהן). מיט געוואַלד ווילן זיי מיר חתונה מאַכן! . . . מיט די ווייַבער דאַרף מען זיך גאָרנישט אָנהויבן! דעם קאָפּ קענען זיי אייך פאַרדרייען! . . .

**אריה:**

(ווי צו זיך אַליין). איך ווייס פון דעם כלל: אַז מען קלינגט, איז חגא . . .

**חצקל:**

(פאַלט אַרייַן אין די רייד מיט אַ געבעטט). איך האָב מיט איר קיין שום עסק ניט געהאַט! און באַ זיי, שוין, חתונה האָבן, האָסט געהערט אַ מעשה! מיט אַלעמען חתונה האָבן, וועט זיך צונויפקלייבן אַ שיין

**ביסל ווייבער!...** (צו זיך אליין, הויך). **ניין! עס איז נאָך דאָ א גאָט אויף דער וועלט! עס איז ניט הפקר ציבעלעס!...**

**אריה:**

(מיט א זיפץ). **א יתומהס טרערן, ווערן ניט געשענקט פון גאָט ברוך הוא, חצקל!...** (עס גיט אַ שטאַרקער דונער און אַ בליץ. עס ווערט פינצטערלעך און פארוואָלקנט. אריה שטעלט זיך אויף אין איילעניש. מאכט א ברכה. כאַפּט דעם זאָק). **סעמיול מיין קינד, וואו ביסטו?** (צו חצקלן וואָס שטייט אין א זייט א פארזאָרגטער און קראַצט זיך אין קאָפּ). חצקל, גיכער, ברענג מיך צום באַלעבאָס. עס וועט באַלד זיין אַ מבול! (קוקט אויפן הימל און שלעפּט חצקלען פארן אַרבל). **קום, קום שוין גיכער!...**

**חצקל:**

**וואָס איז די איילעניש? מיר פאָרן נאָך ניט אַוועק! מירן זיך גאָר לאנג זוימען אין שטאָב!** (הייבט אָן גיין מיט אריהן. לויפט צוריק נעמען דאָס פלעשל בראָנפן וואָס ער האָט געלאָזן אויפן קלאָץ. גיט א כאַפּ א זופּ און רעדט צו זיך אליין). **חתונה האָבן... ביילע די קעכן... מיט געוואַלד!... האָסט געהערט א מעשה!...** (גייט נאָך אריהן, וואָס איז שוין ארויס פון דער בינע. חצקלען הערט מען נאָך מורמלען הינטער דער בינע). **עס וועט נישט גיין!... מיט געוואַלד!**

פאָרהאַנג פאלט.



## צווייטע סצענע

**דזשאָרדזש וואשינגטאָנס קוואָרטיר אויפן פראָנט. א גרויסער צי**־מער אין אַ „לאָג־קעבין״. דאָס מעבל איז איינפאַך: **עטלעכע שווערע שטולן און דריי טישן. דער קאמין איז איינגעהייצט. דאָס האָלץ קנאַקט אין פייער. אויף די ווענט העגנען שווערדן, ביקסן, פּיסטאָלעטן און אָפיצערישע מאנטלען. אויך אָפיצערישע היטלען העגנען אויף די ווענט. אין דער רעכטער זייט, איז א גרויסע וואַנט מיט עטלעכע פענצטער דורך וועלכע עס זעט זיך ווי סאָלדאטן מיט ביקסן און אָן ביקסן, דרייען זיך ארום. דורך די שויבן זעט מען אויך, אַז אין דרויסן גיסט א רעגן. אין דער זעלבער וואנט איז אויך פאראן א טיר, וואָס פירט ארויס אין דרויסן, אויפן גאניק. אין צימער, פון דער רעכטער זייט לעבן דער צענטער וואנט,** זיינען פאַראַן טרעפּ וואָס פירן אַרויף אין די שלאָפצימערן אַריין. אויף דער **פאָרענצע העגנען עטלעכע אָפיצערישע מאנטלען, צווישן וועלכע עס ליגט אויך דזשאָרדזש וואשינגטאָנס מאנטל. לעבן דעם פענצטער, זיצט בא א טישל, מיטן פנים צום עולם, דזשאָזעף ריד, וואשינגטאָנס פריוואַט** סעקרעטאַר. בא דער לינקער וואנט, זיינען אויך פאראן פיל שויבן. לעבן די שויבן שטייען אויך א טיש מיט אַ שטול. אויפן טיש זיינען אָנגעלייגט **פאפירן, עטלעכע ביכער, א רעוואָלווער און נאָך אנדערע זאכן. דאָס איז וואשינגטאָנס שרייב טיש. ווען ער זיצט בא אים, קומט ער אויס מיטן פנים צום פענצטער. אין מיטן צימער, שטייט א גרויסער, אלטמאָדישער, קײלעכדיקער טיש, אויף וועלכן עס ליגט אויסגעשפרייט א גרויסע מאַפּע.** גענעראל לינקאָלן, קאָלאָנעל טילגהאם און קאָלאָנעל העמפרייד קוקן **אריין אין דער מאפּע און מאכן צייכנס מיט בלייפעדערס. לעבן דעם זעלבן טיש שטייען עטלעכע שטולן. זיי זיצן ניט אויף די שטולן, נאָר שטייען אָנגעבויגן איבערן טיש. פון צייט צו צייט, הערט זיך אַ דונערן** און אויך שאָסן פון קאַנאָנען און ביקסן. עס איז אַן אומעטיקער טאָג. **שפּעט נאָך מיטאָג.**

**ווען דער פאָרהאנג עפנט זיך שטייט דזשאָרדזש וואשינגטאָן לעבן קאמין און ווארעמט די הענט. (דער קאמין איז אין צענטער וואנט). מען דערקענט, אז ער איז פארזאָרגט און אומרואיק. ער האָט ערשט פארענדיקט דיקטירן א בריוו. דזשאָזעף ריד האלט אין פארקלעפּן דעם**

קאָנוועדס. בא דער טיר שטייט אַן אַמעריקאַנער סארזשאנט און ווארט אויף אינסטרוקציעס.

**וואשינגטאָן :**

(צו רידן). **האָט איר אלץ פארשריבן?**

**דזשאָזעף ריד :**

(האָט געענדיקט פארקלעפּן דעם בריוו. שטעלט זיך אויף). **יאָ, אייער עקסעלענץ!**

**וואשינגטאָן :**

**דעם בריוו וויל איך, אַז איר זאָלט איבערשיקן פּערזענלעך! איר הערט, פּערזענלעך צום פּרעזידענט פון קאָנגרעס.**

**דזשאָזעף ריד :**

(גייט אפּיר פון טיש. ווענדט זיך צום סארזשאנט וואָס שטייט בא דער טיר). **א ספּעציעלער שטאַפעט!** (דערלאנגט אים דעם בריוו). **פּער־זענלעך צום פּרעזידענט פון קאָנגרעס אין האַנט אַריין!**

**סארזשאנט :**

(נעמט דעם בריוו. פאַררוקט אים אין דער בוזים קעשענע פון זיין רעקל. ער גיט זיך א צי אויס. סאלוטירט). **יעס, אייער עקסעלענץ!** (דרייט זיך אויס צום עפענען די טיר צום גיין).

**וואשינגטאָן :**

(פאַרהאלט אים). **יאָ . . . דאָ דאַרף קומען אַ מאַן. ווי נאָר ער וועט אָנקומען, זאָלט איר אים גלייך אַריינלאָזן. דאָס איז ניט קיין וועטער צו לאָזן א מענטשן ווארטן אין דרויסן!**

**סארזשאנט :**

(סאלוטירט). **יעס, אייער עקסעלענץ.** (גייט ארויס).

**לינקאָלן :**

(הייבט אויף דעם קאָפּ פון דער מאפּע. גלייכט אויס דעם רוקן. רעדט צו וואשינגטאָנען וואָס שטייט איצט לעבן דעם פענצטער וואָס איז לעבן זיין שרייבטיש און ווישט די שויב, ארויסצוקוקן אין דרויסן). **ווער דאַרף דאָס קומען אין אַזאַ וועטער?**

**וואשינגטאָן :**

(גייט צו צו דער פאַרענטשע, אויף וועלכן עס ליגט זיין פלאשטש. נעמט ארויס פון קעשענע א בייגעלע פּאפּיר. קוקט אויף דעם און רעדט



אויפגעלייגט). **אלץ וואָס איך ווייס איז: אז ער איז אַן אמעריקאַנער פּאטריאָט. ער האלט אין איין שיקן געלט אַן אַ נאָמען. זיין בייטראג האָט זייער פיל געהאָלפן אונדזערע סאָלדאטן. אין יעדן קאָנווערט, וואו ער שיקט דאָס געלט, געפינט זיך אזא צעטעלע:** (ווייזט דאָס בריוול צו לינקאָלן און הייבט אָן לייענען. די אָפּיצערן הייבן אויף די קעפּ פון דער מאפּע און קוקן אויף וואשינגטאָנען בשעת ער לייענט). **„א קליינער בייטראג פאַר אַ גרויסער זאַך". פון אַן אומבאַקאנטן פּאטריאָט צו אַן אויסגעצייכנטן פּאטריאָט".** (לייגט אריין דאָס צעטעלע אין קעשענע און שמייכלט).

**לינקאָלן :**

(שמייכלט). **זייער מיסטעריעז!**

**וואשינגטאָן :**

**עס איז מיר געלונגען צו אראנזשירן אז ער זאָל מיך באזוכן. איך וויל אויסדריקן אונדזער דאנקבארקייט.** (זעצט זיך אוועק לעבן זיין שרייב־טיש). **איך אליין בין נייגעריק אים צו זען . . .**

**לינקאָלן :**

**זייער אינטערעסאַנט. ווער קאָן דאָס זיין?**

**העמפריייד :**

**אפשר איז ע׳ איינער פון די פּאטריאָטן, מיט וועמען סער פרענק־לין האָט געמאַכט פאַרבינדונגען אין לאָנדאָן?**

**טילגהאם :**

**אפשר גאָר א פארשטעלטער טאָרי וואָס העלפט דער רעוואָלוציע?**

**וואשינגטאָן :**

(דרייט זיך אויס צו די אָפּיצערן מיטן פּנים). **ער קען ניט זיין אין לאָנדאָן, ווייל ער וועט דאָ באלד זיין. קיין טאָרי אוודאי ניט. ער וואָלט זיין רעפּוטאַציע ניט איינגעשטעלט, דאָ אהערצוקומען. איך וויל אז איר זאָלט ניט אוועקגיין, נאָר זיין דערביי, ווען ער וועט דאָ אהערקומען. עס איז ווערט צו באקאנען זיך מיט אַן אמתן פּאטריאָט.** (דרייט זיך אויס צוריק צו זיין שרייבן).

**לינקאָלן :**

(שמייכלט). **עס וואָלט ניט שלעכט געווען ווען מיר האָבן עטלעכע טויזנט אַזעלכע פּאַטריאָטן.** (נעמט זיך צוריק צו זיין אַרבעט איבער דער מאפּע, צוזאמען מיט די אָפּיצערן).

**וואשינגטאָן:**

(הייבט ניט אויף דעם קאָפּ פון זיין ארבעט). **איך גלויב אויך אזוי.** (אלע אין קעבין זיינען פארטאָן אין זייער ארבעט. מיטאמאָל דערזעט זיך דורכן פענצטער א בליץ און באלד נאָך דעם דערהערט זיך א שטאַרק דונערן. אין דער זעלבער צייט דערהערט זיך פון דרויסן, צווישן די סאלדאטן א שטאַרקע מורמלעריי און אויך אָפּגעריסענע קולות): **געכאפּט! גוט!** שטיל זאָל זיין וואָס איז, איר צאַצקעט זיך מיט די אויסוואורפן! **אין דער מאָרדע אריין! די גבלהו"** (און נאָך אזעלכע אויסדרוקן. דזשאָזעף ריד בייגט זיך צו צום פענצטער, ווישט אָפּ די שויב און קוקט ארויס. די טיר גיט זיך א פראל אויף. עס גיט א קום אריין דער סארזשאנט. ער פארמאכט די טיר און מעלדעט):

**סאַרזשאַנט:**

**א שפּיאָן!**

**דזשאָזעף ריד:**

**ברענג אים אריין!** (סארזשאנט גייט אָפּ). **אומעטום לויערן זיי, די אויסוואורפן!** (טילגהאם און העמפרייד ליגן אַוועק זייער ארבעט און בלייבן שטיין אָנגעשפּארט אין טיש, ווארטענדיק אויפן שפּיאָן. זייערע בליקן זיינען געווענדעט צו דער טיר. לינקאָלן און וואשינגטאָן קוקן זיך ניט אום. זיי זיינען פארטאָן אין זייער ארבעט. עס עפנט זיך די טיר. עס גיט א פאל אריין א הויכער, שיין געקליידעטער מאן. ער איז אָבער, שטאַרק צעשלאָגן, אויסגעשמירט מיט בלאָטע און נאָס פון רעגן. ער בלייבט שטיין בא דער טיר אָן אַ היטל. די האָר צעשויבערט. ער שטייט מיט ארונטערגעלאָזענע הענט און קוקט חוצפּהדיק, גלייך. באלד נאָך אים גייט אריין דער סארזשאנט מיט א פּאַפּיר אין דער האנט. ער פארמאכט די טיר און מעלדעט).

**סאַרזשאַנט:**

**סילוועסטער און פּיטמאן זיינען געגאנגען לעבן שאָסיי אויף קאראאול, האבן זיי געפונען אַט דעם העכט. פריער האָבן זיי געמיינט, אז א הונט ליגט דאָרט. ווי נאָר זיי האָבן זיך דערנעענטערט, האָט ער אָנגעהויבן שיסן. פארוואונדערט פּיטמאנען אין אקסל. סילוועסטער האָט זיך ארויפגעוואָרפן אויף אים און געכאפּט דעם שלאַנג. (דערלאנגט א פּאַפּיר). אַט דעם דאָקומענט האָבן מיר געפונען בא אים.**

**דזשאָזעף ריד:**

(גייט צו. נעמט דעם דאָקומענט און וויקלט אים פאנאנדער. דערלאנגט אים צו גענעראל לינקאָלן. לינקאָלן נעמט אים, וויקלט אים אויף



אינגאנצן. קוקט אין אים אריין. וואשינגטאָן דרייט זיך אום אויפן בענקל).

**וואשינגטאָן:**

(צום סארזשאנט). **און וואו איז דער אומגליקלעכער פּיטמאן?**

**סאַרזשאַנט:**

**גלייך צוגענומען אין שפּיטאָל אריין, אייער עקסעלענץ. א דאָקטער האָט אים גלייך איבערגענומען.**

פון דרויסן הערט זיך א שטאַרק מורמלען צווישן די זעלנער. עס דונערט און עס בליצט. וואשינגטאָן שטעלט זיך אויף. גייט איבערן צימער. גייט פאמעלעך פארביי דעם שפּיאָן. באטראכט אים גוט, פון אויבן ביז אָרונטער. גייט צוריק צו זיין שרייבטיש און זעצט זיך צוריק אוועק ארבעטן. ווען וואשינגטאָן האָט באטראכט דעם שפּיאָן, האָבן אלע אים נאָכגעפאָלגט מיט זייערע בליקן. זיי האָבן באמערקט דעם ביטול אויסדרוק אויף וואשינגטאָנס פּנים. העמפרייד דערנעענטערט זיך צום שפּיאָן און רעדט צו אים מיט ביטול און מיט כעס.

**העמפרייד:**

**א ברודער קעגן א ברודער! א בענעדיקט ארנאָלד האָט זיך דיר געוואָלט זיין! (מאכט א פויסט צום שפּיאָן אין פּנים אריין). נידערטרעכטיקע אויסוואורפן, וואָס איר זייט!...**

**לינקאָלן:**

(וואָס האָט די גאנצע צייט געקוקט אין דעם דאָקומענט אריין. הויבט אויף דעם קאָפּ אין דער ריכטונג פון וואשינגטאָן און שמייכלט). **אונדזער קעבין איז אויך פאראן! וואונדערבאר געצייכנט! מיט א גענויער פּינקטלעכקייט!...** (באטראכט דעם שפּיאָן. נעמט אים אדורך מיט שארפע אויגן).

**העמפרייד:**

מיט כעס). וואו האָסטו דאָס גענומען?... (עס איז שטיל אַ ווײַלע, דער שפּיאָן ענטפערט ניט). וואו האָסטו דאָס גענומען?!!! (ער שטרעקט זיין פויסט צום שפּיאָנס פּנים).

**שפּיאָן:**

(האלט זיך שטייף). **איך ווייס ניט.**

**טילגהאַם:**

(דערנעענטערט זיך צום שפּיאָן מיט רוגזה). **ווער האָט געצייכנט**

**אָט אַ די מאַפּע?!** (דער שפּיאָן ענטפערט ניט. נאָר שטייט גלייך אויס־געצויגן).

**העמפּריייד:**

(וואָס שטייט אין דער צווייטער זייט פון שפּיאָן, בייזערט זיך). **רעד! זאָגט מען דיר!** (וויל הויבן די פויסט, נאָר האַלט זיך איין. ער נעמט אַרויס דעם רעוואָלווער פון שייטל און צילעוועט צום שפּיאָן. דער שפּיאָן בייגט זיך אָפּ אַביסל). **באַלד וועט ער זיך צעלייגן אין דיינע שלייפן, דו היגטישער זון...**

**רזשאָזעף רייד:**

(מיט כעס און שטאָלצקייט). **זיין עקסעלענץ איז דאָ פריער אַדורך געגאַנגען לעבן דיר.** (דערנעענט זיך צום שפּיאָן מיט אַ פויסט). **האָסט אפילו ניט די זכיה געהאַט, אַז זיין עקסעלענץ זאָל אַ שפּיי טאָן אויף דיר, דו היגטישער זון!... דו... פאַר אַ פּאָר מיזעראַבלע פונט!...** (מער אויפגערעגט וואָס דער שפּיאָן ענטפערט ניט). **דו שווייגסט!... דו האָסט ניט וואָס צו ענטפערן!... דו!...** (מיט אַ פויסט).

**לינקאָלן:**

(גאַנץ רואיק, צום סאַרזשאַנט). **נעמט אים אַוועק.** (ווייזט אויפן שפּיאָן). **ער וועט שוין זיינס באַקומען.** (גייט צו וואַשינגטאָנס טיש. לייגט אַוועק דעם דאָקומענט און קערט זיך צוריק צו זיין אַרבעט. דער סאַר־זשאַנט נעמט דעם שפּיאָן פאַרן אָרעם און פירט אים אַרויס. עס הערשט אַ געדריקטע שטימונג אויף אַ ווײַלע).

**רזשאָזעף רייד:**

(זיצענדיק פאַרטיפט אין שרייבן, רעדט צו זיך אַליין). **אָך, די טאָ־ריס, זיי פאַראומרייניקן די וועלט!...**

**העמפּריייד:**

(אויך אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט אויף דער מאַפּע). **מען וואָלט געדאַרפט עפּעס טאָן וועגן דעם.**

**לינקאָלן:**

**עס איז ניט נויטיק צו מאַכן קיין ווערן וועגן דעם.**

**סאַרזשאַנט:**

(גיט אַ קוק אַריין און מעלדעט). **אייער עקסעלענץ, אַ הער, חיים סאַלאָמאָן וויל אייך זען!** (אַלע באַפרייען זיך פון זייער אַרבעט און ווענדן זייערע בליקן צום סאַרזשאַנט. זיי זעצן זיך אויף די שטולן, דער־וואַרטענדיק דעם גאַסט).



**וואַשינגטאָן:**

(גיט זיך אַ דריי אויס אויף זיין שטיל, צום סאַרזשאַנט און באַפעלט). **לאָזט אים אַריין!**

דער סאַרזשאַנט עפנט אויף בדייט די טיר. עס גיט אַ יאָג אַריין אַ ווינט פון דרויסן. סאַלאָמאָן גיט אַ קום אַריין. ער איז שטאַרק פאַר־נעצט פון רעגן. ער טוט אויס דעם הוט און די פּעלערינע. בלייבט שטיין בא דער טיר און פאַרנייגט זיך זייער טיף פאַר וואַשינגטאָנען. דער סאַר־זשאַנט גייט אַרויס און פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך. סאַלאָמאָן פאַר־הוסט זיך אַביסל. רזשאָזעף רייד גייט צו סאַלאָמאָנען, נעמט די קליידער פון אים און הענגט זיי אויף, אויף דער פאַרענטשטע פון די טרעפּ, וואָס פירן אַרויף אויפן אויבערשטן שטאָק. אַלע אָפיצערן פאַרנייגן זיך, בשעת סאַלאָמאָן פאַרנייגט זיך.

**סאַלאָמאָן:**

(ווען ער האָט זיך פאַרנויגט פאַר וואַשינגטאָנען). **אייער עקסעלענץ!**

**וואַשינגטאָן:**

(שטעלט זיך אויף, גייט צו נעענטער צו סאַלאָמאָנען. ווייזט אים אָן אויף אַ שטול). **זיצט!** (ער קוקט אויף סאַלאָמאָנען און שמייכלט).

**רזשאָזעף רייד:**

(רוקט אונטער אַ שטול צו סאַלאָמאָנען, אַז ער זאָל זיך זעצן. סאַ־לאָמאָן זעצט זיך ניט. ער שטייט פאַר וואַשינגטאָנען).

**וואַשינגטאָן:**

(קוקט אים גלייך אין פּנים אַריין). **איר זייט עס דער מיסטעריעזער אונטערשטיצער פון אונדזער אָרעמער אַרמיי?... האָבן מיר זיך ניט אַ מאָל באַגעגנט?... אייער פּנים איז מיר באַקאַנט...**

**סאַלאָמאָן:**

(פאַרנייגט זיך). **אייער עקסעלענצעס אויג, צו דערקענען מענטש־לעכע פּנימער, איז מיר שוין לאַנג באַקאַנט. אין טרענטאָן, אייער עקסע־לענץ!**

**וואַשינגטאָן:**

**איר זייט אַ דייטש?**

**סאַלאָמאָן:**

(שמייכלט). **ניין, אייער עקסעלענץ. אַ ייד! אַ פּוילישער ייד!** (ער בלייבט שטיין לעבן דער שטול. וואַשינגטאָן גייט איבערן צימער מיט

די הענט פארלייגט אויף הינטן. ער איז פארטראכט. די אָפיצערן זעצן זיך אוועק אויף די בענקלעך. איינעקע, קוקן דערווייל אריין אין זייערע פּאַפּירן. ווען וואשינגטאָן אָדער סאלאמאן ריידן, קוקן זיי אויף די רעדנער מיט אינטערעס. וואשינגטאָן, גייענדיק איבערן צימער, רעדט ער, אָלע הערן).

**וואשינגטאָן:**

(צו סאלאמאָנען). איך קען גוט פארשטיין אייער שטרעבן צו פרייהייט. איר זייט אוודאי גוט באקאנט מיט אייערע לאַנדסלייט, אייערע מיטפּאטריאָטן, פולאַסקי און קאָשטשושקאָ? (ווייזט אים אָן אויפן בענקל אז ער זאָל זיך זעצן). זיצט, הער סאלאמאָן!

**סאלאמאָן:**

(זעצט זיך אויפן שפּיץ פון בענקל). מיר זיינען זייער גוט באקאנט.

**וואשינגטאָן:**

(בלייבט שטיין אין מיטן צימער און קוקט אויף סאלאמאָנען). דאָס געלט וואָס איר שיקט . . .

**סאלאמאָן:**

ס'איז ניט געווען פיל. ווען איך וואָלט געוואוסט דאָס, וואָס איך האָב ערשט געזען אין דרויסן . . .

**וואשינגטאָן:**

(דערנעענטערט זיך צו אים). מיינע העדקוואָדערס און די צוויי פּוילישע גענעראַלן האָבן פיל מאָל דערהאַלטן געלט פון אַן אומבאַקאַנטן פריינט. (קוקט אויף סאלאמאָנען וואָס זיצט א פארשעמטער). איך פיל אז עס איז מיין פליכט צו אינפאָרמירן זיי, ווער דער מיסטעריעזער פריינט איז. (ער באמערקט ווי סאלאמאָן פילט זיך אומבאַקוועם פון דעם געשפּרעך. צו די אָפיצערן). קאָשטשושקאָ האָט מיר פיל מאָל געזאָגט, אז די ייִדן זיינען די בעסטע פּאטריאָטן און זייער איבערגעגעבענע קעמפער. אין דער זעלבער צייט, ווערן זיי פון אלעמען שלעכט פארשטאנען.

**לינקאָלן:**

(ווייזט אין פענצטער אריין צו סאלאמאָנען). מיסטער סאלאמאָן: מיר האָבן דאָ קנאַפּע דריי טויזנט סאָלדאטן וואָס פּאסן זיך ניט פארן מיליטער דינסט בלויז דערפאַר, וואָס זיי האָבן ניט קיין עסן און קיין קליידער, און קיין שיך.

**טילגהאם:**

בלויז דערפאר, וואָס איינעקע סוחרים האלטן די סחורות אויף שפּעקולאַציע.



**סאלאמאָן:**

(צו לינקאָלן). איך וועל טאָן אלץ, וואָס איך קען, הער גענעראל.

**וואשינגטאָן:**

(מיט אַ שמייכל). איר האָט געטאָן מער ווי אייער חלק.

**סאלאמאָן:**

(שטעלט זיך אויף. שמייכלט). איך פיל קאָמפּלימענטירט, אייער עקסעלענץ. אויב איר וועט זיך נויטיקן אין הילף, בין איך גרייט צו דינען!

**לינקאָלן:**

מעגלעך, אז מיר'ן זיך ווענדן צו אייך אין דער נאָענטער צוקונפט.

**וואשינגטאָן:**

(נעמט א שטול און זעצט זיך לעבן סאלאמאָנען). זאָגט מיר, מיין שעמעוודיקער פּאטריאָט, וואָס הערט זיך אין ניו־יאָרק?

**סאלאמאָן:**

די געוויינלעכע זאַך: מען פאַרשפּרייט רכילות וועגן אייער עקסעלענץ און אייערע מיטארבעטער. אָבער, דאָס האָט קיין שום ווירקונג ניט . . . א פאָלק וואָס צעשמעלצט זיינע אקעראייזנס אויף ביקסן, א פאָלק וואָס גיט אַרויס אַזעלכע פּרויען ווי „מאלי פּיטשער", אויף אַזאַ פאָלק, קען די ביליקע אַגיטאַציע, ניט האָבן קיין ווירקונג . . .

**דזשאָזעף ריד:**

זיי מיינען אפשר, אז זיי וועלן געפינען נאָך בענעדיקט ארנאָלדס!

**וואשינגטאָן:**

(גיט זיך א שטעל אויף). איך בעט אייך, רייסט ניט אויף קיין וואונדן . . . מוז טאַקע מיין האַרץ אויסטרינקען דעם סם ביזן לעצטן טראָפּן? און די הענט זיינען פּאראליזירט . . . (ער איז שטיל א ווילע. ער גייט איבערן צימער. צו אַלע אָפיצערן). דאָס וואָס די ייִדן זיינען אָקטיוו אין דעם אויפשטאנד, פאַרחידושט נאָך מער: די ייִדן, וועמען די אנטיקע וועלט האָט באוואונדערט פאָר זייער העלדישן קאַמף פאָר פרייהייט, האָבן זינט זיי האָבן אָנגעוואוירן זייער לאַנד ניט געוואָלט נעמען קיין אנטייל אין די בלוטיקע מלחמות וואָס די דעספּאָטן האָבן געפירט צווישן זיך.

**סאלאמאָן:**

אין אויסקעמפן פרייהייט, זיינען אלע אונטערדריקטע גלייך. דער

וואָס איז אונטערדריקט, דער קעמפט. און די וואָס קעמפן, זיינען באַרעכטיקט צו געניסן די שוץ און גנאַד פון דער רעגירונג.

**וואשינגטאָן:**

דאָס וואָס די דעספּאָטן האָבן ניט געקענט דערגרייכן מיט צוואַנג, טוען דאָס די יידן אין די קאָלאָניעס, מיט זייער פרייען ווילן.

**סאָלאָמאָן:**

די יידישע געמיינדע לייגט זייער פיל האָפנונג אויף אייער עקסעלענץ.

**לינקאָלן:**

(שמייכלט). ניט אזויפיל, וויפל אייער נבי׳א האָט געלייגט אויף דעם פּערסישן קעניג, כורש?

**סאָלאָמאָן:**

מען דארף באַוואָרנען אז די קומענדע דורות זאָלן ניט באגיין די זעלבע פעלערן, וואָס אונזעדע אורעלטערן זיינען באגאנגען.

**לינקאָלן:**

דאָס זיינען געווען טעג, פון אויסערגעוויינטלעכע ראָמאנטישע געשעענישן.

**וואשינגטאָן:**

יעדער זאַך זעט אויס ראָמאנטיש, ווען מיר באטראכטן דאָס פון דער ווייטנס. (צו לינקאָלן). יענע מענטשן זיינען געווען גרעסערע רעאל פּאָליטיקער, ווי ראָמאנטיקער. דאָס וואָס מענטשן, אָן אונטערשייד פון רעליגע, זיינען אלץ מקריב פארן דערפאָלג פון אונדזער זאַך, דאָס מאכט מיך צום גלויבן, אז מיר וועלן זיכער זיגן. (זעצט זיך באם שרייבטיש).

**העמפרייד:**

ווען די גענעראלן לי און גייסט וואָלטן אויסגעפירט די באפעלן פון אייער עקסעלענץ און ניט אינטריגירט אין קאָנגרעס, וואָלט קאָרנוואלעס אזוי לאנג ניט געשטאַנען לעבן פילאדעלפיא, מיר וואָלטן געהאַלטן די פאָרטיפיקאַציעס אויפן דעלעווער און רעד בענק. און קלינטאָן וואָלט אַזוי לייכט ניט אָפּגעטראָטן קיין ניו־יאָרק.

**וואשינגטאָן:**

(דרייט זיך אויס אויפן בענקל צו אלעמען). איך בין ניט איינשטימיק מיט אייער קריטיק, מיינע הערן. ס׳איז אמת, אז אמתער מוט שיינט דאָ, וואו עס טוט וויי און דאַך לאָיאל צו זיין פליכט. דאַך זיינען מענטשן



שוואכע ברואים. אפילו די, וואָס באזיצן גרויסע טיטולן, שטעלן פיל מאָל דעם אייגענעם איך העכער, ווי דעם כלל. גייטס האָט געשטרעבט צו ווערן דער הויפּט קאָמאנדיר. דאָס איז ניט קיין עוולה.

**סאָלאָמאָן:**

די רואיקע האלטונג פון אייער עקסעלענץ, האָט באזיגט אלע שונאים. צוריקגעשמועסט, יעדער מענטש באַגעגנט שטרויכלונגען אין לעבן. (מיט א שמייכל). א צו גלאטער וועג, מאטערט אויך אויס.

**וואשינגטאָן:**

(שמייכלט). א סאלדאטס לעבן איז קיינמאָל ניט רואיק.

**העמפרייד:**

נאָך די אלע רכילות וואָס גענעראל לי האָט פארשפּרייט, אז אייער עקסעלענץ אנטלויפט ווי אַן ארעסטאַנט, פארזיכער איך אייך, אז איר האָט געהאנדלט שוין צופיל געדולדיק צו זיי.

**וואשינגטאָן:**

אמת, אונדזער סטראטעגיע איז, אָפּטרעטן און ווידער אָפּטרעטן. מיר פירן א פארטיידיקונגס מלחמה. כאָטש דער קאָנגרעס וויל שנעלע האנדלונג. (גיט זיך א שטעל אויף. שמייכלט). מיינע הערן, די אלע רעטענישן וואָלט מען געדאָרפן איבערלאָזן פאר די געשיכטע שרייבער צו פארענטפערן... (זיפצט).

**סאַרזשאַנט:**

(גיט א קוק אריין און נאָך אים נאָך א סאלדאט. ער מעלדעט). א העראָלד פון מארקיז, גענעראל לאפאַיעט, אייער עקסעלענץ! (דער העראָלד סאלוטירט און דערלאנגט א פּאפּיר צו וואשינגטאָנען. אלע שטעלן זיך אויף און קוקן אומגעדולדיק).

**וואשינגטאָן:**

(נעמט דעם פּאפּיר. טוט אָן די ברילן. קוקט אויף אלעמען. רעדט מיט א זיפץ). אין דער מלחמה מיט מיינע „פריינט" בין איך געוואָרן גרוי און איצט ווער איך בלינד אויך... (עס איז שטיל. ער לייענט פאר זיך אליין. צו טילגהאם). זעט אז אלע זאָלן זיין גרייט פונקט ניין אזייגער. (טילגהאם טוט אָן דעם מאנטל און הוט. צו לינקאָלן). גענעראל לאפאַיעט וועט זיין אין צענטער. איר וועט פירן די אטאקע פון לינקן פליגל! (לינקאָלן סאלוטירט און קלייבט זיך צו גיין). איידער איר גייט, וויל איך אייך בעטן; שרייבט אויף אויף אייער זאָטל די פיר מידות; וואכזאמקייט, פאָרזיכטיגקייט, מוטיגקייט און מענטשלעכקייט!

**לינקאָלן :**

(סאַלוטירט. שמייכלט). **אייער באַפעל וועט פּינקטלעך אויסגעפירט ווערן.**

**וואַשינגטאָן :**

(צו אַלעמען). **די אַטאַקע טאָרן מיר ניט פאַרלירן. איך האָב איר פּאָרזיכטיק פּלאַנירט. מיר דאַרפן טאָן דאָס מעגלעכסטע. דאָס איבע־ריקע וועלן אונדז די גוטע מלאכים מיטהעלפן.** (צו דזשאָזעף רידן). **איר וועט זען אַז מיסטער סאַלאַמאָן זאָל אַהיימקומען בשלום.** (צו העמ־פריידן). **איר וועט זיין מיט מיר.** (צו סאַלאַמאָנען. גיט אים די האַנט). **דער ביטערער פּיל, דערגרייכט שוין ביז דאַנען.** (זיפצט און וויזט אויפן האַלדז). **איר, ווי די אידעלע פּולאַסקי און קאָשטשושקאָ, מענטשן אָן אַ לאַנד, טוען אַלץ, צו העלפן געווינען אַ לאַנד פאַר מענטשן.** (סאַרזשאַנט ברענגט צו וואַשינגטאָנס מאַנטל און העלפט אים אָנטאָן. אַלע האַלטן זיך אין אָנטאָן. דזשאָזעף ריד לייגט צוזאַמען די פּאַפּירן).

**סאַלאַמאָן :**

(פאַרקנעפּלט זיך אויך זיין מאַנטל). **איך בין זיכער; פּונקט ווי יהודה המכבי האָט געזיגט איבער די סיריער, אַזוי וועט אייער עקסעלענץ זיגן. איך בין זיכער אין דעם! . . .**

**וואַשינגטאָן :**

(אַרופּציענדיק דעם מאַנטל). **אַ דאַנק מיין ליבער פּאַטריאָט!**

פאָרהאַנג פאַלט.



## דריטע סצענע

ערב יום־כיפּור פאַרנאַכט. בא סאַלאַמאָנען אין עסצימער. דאָס צימער איז אויסגעפּוצט אין קאָלאָניאַלן סטיל: אַ גרויסער עסטיש מיט גרויסע מאָהאַגעני שטולן שטייען אין מיטן צימער. אויפן טיש שטייען מנורה לייכטער און די ליכט ברענען אין זיי. אויפן צענטער פון וואַנט צווי לאַנגע פענצטער מיט פאָרהאַנגען און גאַרדינען, אַ פייער קאַמין צווישן די פענצטער. איבער דעם פייערפּלאַץ הענגט אַ גרויסע מאָלעריי. בא די זייטן פון די פענצטער שטייט אַ גרויסע קרעדענץ מיט געשיר אינ־וויניק. אין דער צווייטער זייט, אַ קאָמאָד און איבער איר, אַ גרויסער שפּיגל מיט אַ גאָלדענעם ראַם. בא דער לינקער וואַנט שטייט אַ גרויסער זייגער וואו דער אומרו באַוועגט זיך. אין דער רעכטער זייט זיינען פאָראַן צווי טירן. איינע איז אַ טיר וואָס פירט אריין אין דער קיך און די צווייטע איז פאַרהאָנגען מיט אַ פאָרהאַנג, וואָס פירט אריין אין אַ צווייטן צימער. אין דער רעכטער זייט איז אַ טיר, וואָס פירט אַרויס אין קאָרי־דאָר, אין אַנדערע צימערן אריין און אויך אַרויס אין גאַס.

ווען דער פאָרהאַנג עפנט זיך, שטייט רחל און בענטשט די ליכט. עס איז נאָך דער וועטשערע. אריה ברזל זיצט און ענדיקט טרינקען טיי. ער זופּט די טיי פון אַ טעצעלע. רחל ווישט די טרערן פון די באַקן, וואָס זיינען געפאַלן באַם ליכט בענטשן. זי איז זייער שיין אָנגעטאָן, אָבער ניט רויִשיק. זי זעט אויס אַביסל עלטער און פאַרזאָרגט. זי גייט צו צו אריהן און זעצט זיך אוועק לעבן אים.

**רחל :**

(מיט אַ טרויעריקע שטימע). **מיר איז אַזוי אומהיימלעך. איך בין צעטומלט. פּונקט ווי איך וואָלט אין דער זעלבער צייט געגאַנגען אויף צוויי אומבאַקאַנטע וועגן. אָט דאַכט זיך מיר, אַז איך פאַרשטיי אַלץ און אָט זעט אַלץ אויס, ווי עס וואָלט געווען פאַרהילט אונטער אַ גרויסן נעפּל.**

**אריה :**

(ווישט אָפּ די באָרד און וואָנסן פון די טיי). **ווען די צייט וועט קומען, וועסטו אַלץ פאַרשטיין, מיין קינד. ערגערן, דאַרפסטו זיך ניט.**

**רחל:**

איך לעב אָבער אין אייך שרעק! אָט, איז ער אייערנעכטן אוועקגעפאָרן, איך האָב אפילו ניט געוואוסט וואוהין און ווען ער וועט צוריקקומען.

**אריה:**

(רייסט איר איבער). צוליב דער פרייהייט, מייך קינד, זיינען מענטשן מקריב זייערע שענסטע געפילן. אַפילו די ליבע צו דער אייגענער פרוי אָדער די אייגענע טאַטע מאַמע. צי עס דאַרף אזוי זיין, ווייס איך ניט. אָבער אזוי איז עס...

**רחל:**

פאַרוואָס זאָל איך דאַרפן אַזויפיל ליידן און ניט וויסן פאַרוואָס און פאַרוועןי!... (גייט צו דער קאָמאָדע. נעמט פון דאָרט ארויס א קליין ביכעלע. קומט שנעל צוריק און זעצט זיך לעבן אריהן, אויף איר פלאַץ).

**אריה:**

(בשעת רחל איז געגאַנגען צו דער קאָמאָדע, רעדט ער צו זיך אַליין). יאָ!... דאָס איז שרעקלעך!... כאָטש מיר ווייסן ניט וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען, פונדעסטוועגן דאַרפן מיר... (זיינע רייד ווערן איבערגעריסן).

עס גיט א קום אריין חיים סאלאמאָן מיט בענדזשעמין נאָנעז, סאַלאמאָן איז זייער גוט אויפגעלייגט. ער גייט אין זיין וועסטל און ווייסער העמד מיט לאַנגע ארבל. ווייסע זאָקן מיט געפאַסטע דיידענע הויזן ביז די קני, קאמאשן און גאָלדענע באָקלס אויף זיי. בענדזשאמין נאָנעז זעט אויס זייער שיין, אַ מאַן פון אַ יאָר 28. ער איז אָנגעטאָן אין גאַנצן פראַכט פון אַ מאַיאָר פון דער פרייהייטס אַרמיי. ער איז באהאנגען מיט מעדאלן. אריינקומענדיק זיינען זיי אין מיטן פון אַ געשפרעך.

**סאלאמאָן:**

(זייער אויפגעלייגט). מאַיאָר נאָנעז, (רייבט זיך די הענט פון פרייד). אָדער, יונגער לאַפאַיעט, ווי זיי רופן אייך, דערציילט עפּעס אפאַר אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן פון פראַנט. (ביידע דערנעענטערן זיך צום טיש. סאלאמאן בלייבט שטיין פון דערווייטנס און נאָנעז הייבט אָן שילדערן, מיט א שמייכל).

**נאָנעז:**

לעבן טרענטאָן, לויף איך נאָך אַ טאָרי; זע איך ווי זיין פיסטאָלעט איז אים ארויסגעפאַלן פון דער האַנט. ער בייגט זיך אָן אויפצוהויבן איבער, שוין צו שפּעט געווען. ער איז שוין בא מיר אין דער האַנט.



**סאלאמאָן:**

(שמייכלט). און יענער?

**נאָנעז:**

יענער מאכט זיך הארץ און זאָגט:—שפּאסן ווילט זיך דיר? אז מיין הארץ וויינט פאַר פרייד, וואָס איך בין לעבן געבליבן—(לאכט).

**אריה:**

(מיט א זיפץ). נו, וואָס איז דען דאָ וואָס צו לאכן? אפשר האָט יענער איבערגעלאָזן אין דער היים א ווייב מיט קינדער? אוי...

**נאָנעז:**

אוי, רב אריה, איר האָט נאָך אַלץ רחמנות... אפילו אויפן שונא!...

**סאלאמאָן:**

(צו נאָנעזן). מאַיאָר נאָנעז, דאָס איז די לערע פון אונדזערע נביאים.

**אריה:**

רבונו של עולם, ווען וועט שוין נעמען אַ סוף צו דעם בלוטבאָד! (זיפצט).

**נאָנעז:**

(מיט הארץ). רב אריה, ווען איר וואָלט געזען ווי גענעראל פּולאַסקי איז געלעגן אין אַ טייך בלוט און נאָך אלץ פאַרגעזעצט דעם קאַמף, וואָלט איר אנדערש גערעדט. (ווייזט אויף א מעדאל). אָט די אויסצייכנונג האָב איך געקראָגן אין שלאכט לעבן סאַוואַנאַ. מיר האָבן ארומגערינגלט די שטאָט. מיר זיינען באַלד געווען אינווייניק. אין מיטן דרינען דערזע איך, ווי גענעראל פולאַסקי איז געפאַלן. אַ שווידער האָט מיך דאמאָלט באפאלן. איך האָב מיר גלייך אויסגעקעמפט א וועג און בין צוגעקומען צו אים. (מיט א טיפן זיפץ). אָבער צו שפּעט געווען...

**סאלאמאָן:**

(מיט פרייד). דאָס איז א גרויסער כבוד פאַר אונדזער פאָלק. (קלאַפּט אים אין פּלייצע). דו ביסט איצט א יחסן, א כבוד פאַר אונדזער פאָלק! זאָלן אלע וויסן, אַז יידן זיינען מוטיקע און בראַווע קעמפער!

**נאָנעז:**

(טרויעריק). איך בין שטאָלץ? אודאי בין איך שטאָלץ... מען האָט מיך געמאַכט פאַר אַ לייטענאַנט, נאָך דעם געשיקט דינען מיט גענעראל די־קאַלב... אויך אים האָב איך געזען פאלן אין שלאַכט, ווי

א העלד... יאָ, איך געדענק עס ווי אצינד... בא קעמדן איז עס גע־ווען... א ביטערע שלאַכט איז עס געווען... ווען איך האָב אים אָוועק־געטראָגן פון פעלד, האָט ער נאָך געלעבט. דאָס בלוט איז גערונען פון זיינע עלף וואונדן... איך ווייס, אַז די שלאַכט איז פארלאָרן—האָט ער מיר אַריינגעזיפצט אין די אויערן—דער קאַמף מוז פאָרגעזעצט ווערן. (מיט א זיפץ). נו, געגוג וועגן מיר. וואָס מאַכט איר דאָ, אַלע?

**סאלאמאָן:**

(מיט א שמייכל און א זיפץ). דער זעלבער פוילישער ייד. איך קען וועגן אַזעלכע העלדישקייטן ניט דערציילן.

**נאָנעז:**

אָבער אין שטאָב, (צו רחלען און צו אריהן) רעדט מען וועגן חיים סאלאמאָנען מער, ווי וועגן דעם גרעסטן העלד. (לאַכט צו סאלאמאָנען). איך ווייס טאָקע ניט, וואָס די רעוואָלוציע וואָלט געטאָן אָן דיר?

**רחל:**

ווי עס זעט אויס, ביסטו דער איינציקער, וועמען די רעוואָלוציע וועט ניט פארגיטיקן...

**אריה:**

נאָבעלע מענטשלעכקייט, פארגעסט מען פיל מאָל...

**נאָנעז:**

(צו אריהן און רחלען). וועט דאָס זיין א געפערלעכער פארגלייך, רב אריה? ווי נאָר דער אלטער פרעה איז געשטאָרבן, האָט דער יונגער קעניג ניט געוואָלט וויסן ווער יוסף איז געווען און וואָס ער האָט געטאָן פאר זיין לאנד?...

**אריה:**

עס וועט אויך ניט זיין אויסערן וועג צו זאָגן: אז דער געצעלט פון אונדזער שטאמפאָטער אברהם, איז אַלעמאָל געווען אָפן און גאסט־פריינטלעך, פאר די ליידענדע...

**סאלאמאָן:**

(פילט זיך אומרואיק פון דעם גאנצן געשפרעך). מיינע פריינט, צי וואָס דאָס אַלץ? (ער קוקט אויפן וואנטזייגער). מען דארף זיך אָנטאָן און גיין אין שול אריין. עס ווערט שפעט... (ער גייט אריין אין צווייטן צימער).

**רחל:**

איר הערט (צו נאָנעזן און צו אריהן). איר הערט: לעצטן מאָנטיק



בין איך געזעסן אין ביוראָ, קומט אריינצולויפן א פאָרשוויצטער, מיסטער ברייסן. ער לויפט גלייך צו חיימען און פרעגט אין איין אָטעם: איר קענט מיר זאָגן, צי די ארמיי קען נוצן העמדער פאר די סאָלדאטן? חיים איז א דערפרייטער געוואָרן. העמדער? שרייט ער אויס! איך בין זיכער אַז די ארמיי קען נוצן העמדער. איך ווייס אָבער ניט—זאָגט חיים—צו ס'איז דאָ גענוג הארטע געלט אין דער באנק. אויב איר זענט צופרידן אָנצונעמען רעגירונגס סערטיפיקאָטן, וועל איך רעדן מיטן פינאַנץ סעקרעטאר, מיסטער מאָריס... ווייסט איר וואָס יענער האָט געענטפערט?... איך וועל זיך באקלערן! און איז ארויסגעלאָפן!... (ווייזט אויפן הארצן). ווען איר וואָלט געוואוסט ווי אומעטיק עס איז מיר אויפן הארצן...

**אריה:**

(אביסל אויפגערעגט). רחל מיין קינד, דו רעדסט, ווי זאָל איך זאָגן, ווי א קינד! די קאָלאָניסטן דארפן זען אז מיר שטייען ניט פון דער ווייטנס, פון דעם גערעכטן קאמף. כאָטש, ס'איז שווער צו זאָגן וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. דאָך, דארפן מיר היינט אלץ טאָן... יידן דאַרפן האָבן בטחון!

**רחל:**

(פאַלט אריין אין די רייד. מישט די בלעטלעך פון דעם ביכעלע). גיט אומישנע א קוק!... (לייענט פון ביכעלע). גענעראל סענט קליער, דריי הונדערט דאָלאר. דזשיימס ווילסאָן, דריי טויזנט, פיר הונדערט און צוויי און זיבעציק דאָלאר... (מישט די בלעטעלעך אויף שנעל און לייענט די נעמען). דזשיימס מעדיסאָן, גענעראל מעקדוגל, פולאַסקי, קאָשטשושקא, טאָמאס מיפלין, מעקפערסאָן, פאר א נייער סינאַגאָגע... גיט א קוק, אפילו בענעדיקט ארנאָלדס נאָמען איז דאָ פאראן! (זיפצט). ווער קען דאָס אויסרעכענען אזויפיל ציפערן און נעמען, וועמען ער האָט אלץ געגעבן געלט! ראָבערט מאָריס, פארנעמט צוויי זייטלעך... און וויפל מענטשן האָט ער אינגאַנצן ניט פאָרשריבן?!... (פאַרמאַכט דאָס ביכעלע). ער האָט דאָך געקענט זיין דער רייכסטער מענטש אין לאנד!...

**סאלאמאָן:**

(גיט א קוס אריין אומגעריכט. ער בלייבט שטיין בא דער טיר. ער הערט דעם לעצטן זאַץ פון רחלען. פאַלט אריין אין די רייד). און אויך דער פארהאַסטער מענטש אין לאַנד! (דערנעענטערט זיך צו רחלען). ווי וואָלסטו געפילט, ווען דו וואָלסט פארבייגעגאנגען אין גאס און מען וואָלט אויף דיר געטייטלט מיט די פינגער (ווייזט מיטן פינגער): אָט דאָ,

גייט דאָס ווייב פון דעם ערגסטן מענטשן אין דער וועלט?... האַ, ווי וואָלסטו געפילט?... (גייט צום שפּיגל און מאַכט זיך גלייך דאָס העמד און די וועסט).

**רחל:**

(פאָלגט נאָך סאלאמאָנען מיט די אויגן). אפילו דער פינאַנס־מי־ניסטער גיט ניט אוועק אזויפיל. און איך זע גאָרנישט, און האָב גאָר־נישט געהערט, אַז עמיץ זאָל אים פיינט האָבן. אדרבה, דערפאר וואָס ער איז רייך געוואָרן, האָט מען פאר אים מער אָפּשיי...

**סאלאמאָן:**

(שטייט באם שפּיגל. פארקנעפּלט דאָס העמד און פארקעמט זיך די האָר). ס'איז א גרויסער אונטערשייד, צווישן מיר און זיי. (דערנע־ענטערט זיך צו רחלען און רעדט אויך צו אריהן און צו נאָנעזן). איך בין א ייד! פארשטייסט? ווען איך וואָלט אויסגענוצט די מעגלעכקייט און רייך געוואָרן, בלויז פאר זיך אליין, וואָלט מען געוויזן מיט די פינ־גער: אָט דאָ גייט דער ייד וואָס איז רייך געוואָרן, אין דער צייט ווען מענטשן האָבן פאַרגאָסן זייערע פעלדער, מיט זייער אייגן בלוט!

**רחל:**

(פאלט אריין אין די רייד). אָבער חיים טייערער, איצט וועלן דאָך אלע לאַכן און זאָגן...

**סאלאמאָן:**

(לאָזט איר ניט ענדיקן). די וועלט וועט אָבער ניט קענען זאָגן, „אָט דער ייד האָט פארראטן דאָס לאַנד, וואָס האָט אים געשפּייזט! (צו אריהן און צו נאָנעזן). דער גאנצער אומגליק ליגט אין דעם, וואָס דער מענטש ווערט פון קליינווייז אויף פארסמט מיט דער גייציקייט נאָך געלט! (אין כעס). זיין האַרץ ווערט קליין, גרוי און טויט. א שטיק קאַלטע מע־טאל!... (פארהוסט זיך. פאלט אוועק אויף א שטול).

**אריה:**

(שטעלט זיך אויף און גייט צו צו סאלאמאָנען). בארואיק זיך, חיים! זי איז דיין ווייב. זי מעג, נישקשה!...

**סאלאמאָן:**

(זיצענדיק אויף דער שטול, די הענט אַראָפּגעלאָזן, הוסט און רעדט מיט היץ). אדרבה, זאָגט, זאָלן מיר העלפן זיין עקסעלענץ ווען ער האָט זיך געווענדט צו אונדז נאָך הילף, צי ניט?... (הוסט)



**נאָנעז:**

(גייט צו צו סאלאמאָנען). חיים סאלאמאָן, איר דארפט זיך ניט אויפרעגן. איר פילט ניט גוט!

**סאלאמאָן:**

(אַביסל הייזעריק) הוסטנדיק). מיין פריינט נאָנעז, איך פיל אַלע־מאָל גוט! (אין דער צייט, איז רחל אריין אין צווייטן צימער און געבראכט א פּראָשעק און אַ גלאָז וואסער. זי גיט דאָס צו סאלאמאָנען).

**רחל:**

(רעדט דערשראָקן). איך האָב דאָך גאָרנישט געמיינט... אָן אומגליקלעכע פרוי בין איך, איך האָב אפילו ניט פאַר וועמען אַראָפּצורעדן זיך פון האַרצן...

**סאלאמאָן:**

(טרינקט. בארואיקט זיך). איך בעט דיך, רחל, הער אויף ריידן אַזעלכע ווערטער. דו ווייסט, אַז דינען דער פרייהייט, איז מיין לעבן... דאָס איז מיין גליק!

**רחל:**

טאָ, לערן מיך אויס טאָן די ארבעט, ווי דו. איך זאָל קענען זיין מיט דיר צוזאמען. איך האָב אלע רעכט צו פארלאנגען דאָס! איך בין דיין פרוי!

**נאָנעז:**

בארואיקט זיך, מאַדאַם. אלץ וועט זיין רעכט. איר דארפט פאַר־שטיין, אַז עס זיינען פאראן זאַכן, וואָס מען קען קיינעם ניט דערציילן...

**רחל:**

צווישן מאַן און ווייב, דארפן ניט זיין קיין סודות!

**סאלאמאָן:**

(צו נאָנעזן). עס איז פאראן אַזאַ ליבע, וואָס שטערט דעם מענטשן צו טאָן דאָס, וואָס עס האלט אים אויף ביים לעבן! וואָס פאַרשאַפט אים דאָס גליק אין לעבן! (שטעלט זיך אויף). איך קען מיך פון דעם גליק ניט אָפּזאָגן און וועל מיך ניט אָפּזאָגן!...

**חצקל:**

(גיט א קוש אריין מיט א פראַק אין דער האנט). באַלעבאָס, אָט דעם סורדוט, וועט איר היינט טראָגן אין שול!

**רחל:**

(גייט צו נעענטער צו חצקלען און באַטראַכט דעם סורדוט). **חצקל, וויפל מאָל דארף מען אייך זאָגן? איך האָב אייך געזאָגט אַז דער באלעבאָס וועט טראָגן דעם בלויען און ניט דעם!...**

**חצקל:**

**דער באלעבאָס וועט אויסזען שענער אין דעם סורדוט...**

**רחל:**

**איך האָב שוין קיין כוח ניט צו אים!...**

**חצקל:**

(שטייט. ער ווייסט ניט וואָס צו זאָגן). **האלט מיך ניט אויף, באַלעבאָסטע! די צייט שטייט ניט!...**

**רחל:**

(האלט זיך באַם קאָפּ און גייט אָפּ פון אים). **עס איז ניט אויסצוהאלטן פון אים! מען דארף זיין פון אייזן!...**

**סאלאמאָן:**

(גייט צו צום שפיגל. ווישט זיך אָפּ דאָס פּנים מיט זיין געהאָפּטן טיכל פון דער קעשענע). **זאָל שוין זיין דער סורדוט! מאַך עס שנעלער!**

**חצקל:**

(גיט אַ לויף צו). **אָט גיב איך אייך, באַלעבאָס לעבן!** (העלפט סאַלאמאָנען אָנטאָן דעם סורדוט. באַשפּייט די הענט און פוצט אים אַרום אין אלע זייטן).

**סאלאמאָן:**

(גייט אָפּ פון שפיגל. חצקל גייט אים נאָך און פוצט אים). **ס׳וועט שוין גענוג זיין, חצקל! גייט, נעמט די מחזורים און לאָמיר גיין!**

**חצקל:**

**עולה ויורדים! ניט געטראַכט—נאָר געטאָן!** (לויפט אין צווייטן צימער אריין. גייענדיק זאָגט ער). **אָט, גיי איך שוין!**

**אריה:**

(גייט צו צו דער פאָרהאַנג און שרייט אריין). **שמואליק, מיין קינד, מיר גייען שוין אין שול אַריין!** (דאָס אייניקל קומט אַריין).

רחל שטעלט זיך אַוועק באַם שפיגל. זי מאַכט גלייך איר טואַלעט. זי גייט אריין אין צווייטן צימער און קומט גלייך ארויס, אָנגעטאָן אין



אַן אויבערמאַנטל און הוט אויפן קאָפּ. אויך סאלאמאָן און נאָנעז גייען אריין אין צווייטן צימער. קומט צוריק אָנגעטאָן אין זיין מיליטערישן פלאַשטש און הוט. חצקל קומט אריין מיט א מאַנטל און א הוט פאַר סאלאמאָנען. ער טוט אים אָן דעם מאַנטל און סאלאמאָן נעמט פון אים דעם הוט און טוט אים אָן. אונטער איין אָרעם טראָגט ער א טלית מיט א מחזור און פון אונטער דעם צווייטן אָרעם, דערלאַנגט ער סאלאמאָנען אַ טלית־זעקל. סאלאמאן נעמט אַרויס פון זעקל אַ קליין מחזור׳ל און גיט עס צו רחלען. אריה ברזל טוט אויך אָן זיין אויבערמאַנטל. ער מאַכט גלייך דאָס קאשקעטל אויפן אייניקל. אַלע זיינען גרייט צום גיין. סאלאמאָן דערמאָנט זיך. ער ווענדט זיך צו רחלען:

**סאלאמאָן:**

**און די קינדער, זיינען באַזאָרגט? . . .**

**חצקל:**

**די קינדער גייען באַלד שלאָפן.**

**סאלאמאָן:**

(צו חצקלען). **און ביילע וואו איז?**

**חצקל:**

(קראַצט זיך אין קאָפּ). **באלעבאָס, עס איז שוין שפּעט. מיר׳ן נאָך פארשפּעטיקן כל נדרי...**

**סאלאמאָן:**

(פאלט אים אריין אין די רייד· ער גיט א שטאַרקן קוק אויף חצקלען, אַז יענער דערשרעקט זיך). **חצקל, ס׳איז היינט יום כיפור!... זי איז א יתומה...**

**חצקל:**

(קראַצט זיך אין קאָפּ. גייט אומוויליק צוריק עטלעכע טריט. אַלע הייבן אָן גיין צו דער ארויסגאַנג טיר).

פאָרהאנג פאלט.

## פערטע סצענע

אין שול. יום כיפור פאַרנאַכט, פאַר כל נדרי. עס איז טונקל. בײַ דער מזרח וואַנט שטייט דער ארון קודש פארהאנגען מיט אַ פּרוכת. פון פאַרנט פון ארון קודש, שטייט דער עמוד. לעבן עמוד, שטייט דער חזן, אין טלית און קיטל און קוקט אריין אין א מחזור. עס שטייען צוויי לאַנגע טישן מיט גרויסע ליכט אַרײַנגעשטעלט אין קעסטעלעך זאַמד. שטולן און בענק. פון דער רעכטער זייט פון ארון קודש, שטייט א סטענדער מיט א שטול, פארן רב און פון דער לינקער זייט, אויך א סטענדער מיט אַ שטול, פאר חיים סאלאמאָנען. אין הינטערגרונד איז פאראן אַ באלקאָן מיט עטלעכע טרעפּלעך ארויפצוגיין, פאר די פרויען. ווען יידן קומען אַריין, גייען די פרויען גלייך צו דער עזרת נשים און די מענער, צו די טישן.

ווען דער פאַרהאנג הייבט זיך אויף, זיצן עטלעכע יידן, אַנגעטאָן אין טליתים און קוקן אריין אין מחזורים. פון צייט צו צייט, הערט זיך א טיפער זיפץ, פון דער, אָדער יענער זייט. עס איז האלב פינצטער. עס פאַלט אָן אַ שרעק. עס איז מרה־שחורהדיק.

**רב זעליק:**

(קוקט אַריין אין מחזור און זיפצט). **אַ שוואַרצער בית עולם איז אונדזער מוטער. אונדזער היים איז אַ קבר. מיר טראָגן אונדזער וויטאָג, אפילו אין אונדזער נייער היים...**

**פרענקס:**

(סאלאמאָנס שווער, פאַלט אים אריין אין די רייד). **שוין טויזענטער יאָרן ווי מיר שלעפּן זיך פון איין לאַנד צום אַנדערן. דורך הונגער, דחקות און קעלט, ווערן מיר געטריבן. קומען מיר אויף אַ נייעם פּלאַץ, וואָס איז נאָך רוי, מיט ווילד גראָז באַוואַקסן, זאָגט מען אונדז:** (הייבט אויף דעם קאָפּ פון מחזור צו זעליקן)- **בלייב דאָ, ייד! עס וועט דיר גאָרנישט פעלן! . . . מיר בויען בנינים, גלייכן אויס וועגן, פאַרבינדן די מענטשן און עס קומען אויף ישובים. ווען מען דאַרף אונדז מער ניט, איז ווידער ווערן מיר געטריבן, ווי גרים פון דער וועלט!** (גיט א



מאַך מיט דער האנט צו זעליקן, אַ רעזיגנירטער. ער קוקט ווייטער אַריין אין מחזור).

עס קומען אריין יצחק מנשה און רב צדוק. גייענדיק, שפּאַרן זיי זיך איבער אַ געוויסן ענין.

**יצחק מנשה:**

(צו צדוקן). **איר וועט זען, אַז מײַנע ווערטער וועלן אַרויסקומען, ווי בוימל אויפן וואַסער!**

**רב צדוק:**

**איי, רב יצחק מנשה, איר הייבט שוין ווידער אָן די זעלבע מעשה, וואָס נעכטן?** (בײדע גייען צו צו אַ טיש. טוען אָן טליתים, נעמען די מחזורים אין די הענט און זעצן זיך אַוועק. זיי זעצן פאַר דעם געשפּרעך).

**יצחק מנשה:**

(מיט אַ זיפץ). **דעם אמת געזאָגט, לעבן מיר אין אַ דור הפלגה. קיינער ווייסט ניט, וועמענס תפילות קומען אָן צום רבונו של עולם. אַלע רייסן זיך אַרום, ווי להבדל, די וועלף!** (דרייט מיטן קאָפּ. קוקט אריין אין מחזור). **עס טויג ניט... נײן...**

**חזן:**

(מאַכט זיך גלייך דעם טלית און דרייט זיך אויס צום עולם). **יידן, מיר זינדיקן. מען טאָר דעם ביטחון ניט פארלירן. ווי איר ווייסט, קום איך איצט פון פּאָרטוגאל. שרעקלעך, שרעקלעך איז דאָס לעבן דאָרט, פון דעם יידן. איך פיל נאָך אויף מײַן לייב די שמיץ, וואָס די אינקוויזיציע האָט מיר געגעבן. אָבער זינדיקן, טאָר מען ניט.** (קוקט אריין אין מחזור).

**רב זעליק:**

(גיט אַ מאַך מיט דער האַנט). **אַזוי איז שוין: די וועלט־הערשער, ווען עס גייט זיי גוט, צאַפּן זיי דאָס בלוט פון דעם יידן, טאָמער חס־ושלום, גייט זיי עפּעס ניט אַזוי דאָסיק, לאָזן זיי אויס דעם גאַנצן כעס צו דעם יידן!**

**יצחק מנשה:**

**מיר'ן נאָך, אם ירצה השם זען, ווי יידן זײַנען גענעראלן, גובער־נאַטאָרן. יידן וועלן אַפילו זיצן אין קאָנגרעס אויך!...**

**פרענקס:**

(פאַלט אריין אין די רייד). **און איך זאָג, אַז יידן דאַרפן זיך ניט מישן!**

**יצחק מנשה:**

(גייט צו צו פרענקסן). איר מיינט מיר צו זאָגן, אַז עס דאַרף די ייִדן גאַרנישט אָנגיין, ווער עס וועט רעגירן דאָס לאַנד אין וועלכן זיי וואוינען? וואָס וועט די וועלט זאָגן, ווען מיר וועלן זיך האַלטן פון דער ווייטנס? וואָס זיינען דאָס די ענגלענדער, צי די פראַנצויזן, גרעסערע מיוחסים, ווי מיר? פאַרוואָס דאַרפן דאָס, די ייִדן, האַלטן זיך אַלעמאָל, נידעריקער פון גראָז? (גייט צוריק צו זיין פלאַץ). אדרבה, מיר דאַרפן ווייזן, אַז מיר זיינען מענטשן, מיט מענטשן גלייך!

**חזן:**

(דרייט זיך ניט אויס פון סטענדער). פחדנות, איז די גרעסטע מכה בא א פאָלק!

**א פרוי:**

(שרייט אַריבער פון עזרת נשים). אַז משה רבנו האָט ניט געקענט אויסקומען מיט די ייִדן... ווער וועט שוין יאָ אויסקומען?...

**רב צדוק:**

(צו זיך אליין). ווער ווייסט, מיט וואָס דער שפיל וועט זיך ענדיקן! שוין דאָס אַכטע יאָר. מלכות שינדט די הויט. קהל רייסט די נשמה . . . (צו יצחק מנשה). איר זאָלט מיר געזונט זיין, וואָס קען אַזאַ ייד ווי איך, טאָן אָן געלט?

**יצחק מנשה:**

קרעכצן!...

עס איז אריינגעקומען שמואל לייאָנס מיט מאַדאַם לייאָנס. זי איז גלייך אַוועק אין דער עזרת נשים· ער איז געבליבן שטיין בא דער טיר. זיך איינגעהערט צו די רייד.

**שמואל לייאָנס:**

וואָס קאָכט איר זיך אַזוי? די וועלט גייט דאָך נאָך ניט אונטער! (גייענדיק צו זיין פלאַץ). צוריקגעשמועסט, זיינען מיר אליין שולדיק אין אַלעמען! מיר זיינען אליין שולדיק, פאַרוואָס מען פלאָגט אונדז. נעמט, למשל, די ייִדן אין שפאַניע; ווען ס'איז זיי געווען גוט, האָבן זיי פאַרגעסן אַז זיי זיינען ייִדן און זיך אויסגעמישט מיט די אַנדערע (בייזערט זיך). אין גאָלדענע שווערדן און אין זיידע פעלערינעס פלעגן זיי זיך אין די גאַסן באַווייזן! זיי האָבן געמיינט . . . (טוט אָן דעם טלית).

**א פרוי:**

(פאָלט אריין אין די רייד). און די עלעגאַנטע און אויסגעלאָסענע



באַוועגונגען פון די פרויען! זייער צירונג, פון גאָלד און טייערע איידל־שטיינער! זייערע קליידער, פון זייד און פון סאמעט—פלעגן די אויגן אויפרייסן!...

**יצחק מנשה:**

(פאַלט אַריין אין די רייד). גוט אַזוי! הלוואי וואָלטן זיך די ייִדן אויסגעמישט מיט די אַנדערע פעלקער, וואָלט געווען א סוף!...

**שמואל לייאָנס:**

מען דאַרף נאָך מער, ווי זיי האָבן זיך אויסגעמישט! זיי האָבן געדינט די קאַליפן, געווען געטריי די קעניגן, געגעסן מיט זיי פון דיזעלבע כלים, און פאָלק פאַרגעסן! די גרויסע דיכטער — שלמה גבירול, יהודה הלוי, אבן עזרא, האָבן זיך געבעטן, געמוסרט און געוואָרנט. מען האָט זיך ניט צוגעהערט צו זיי! ייִדן זיינען אַלעמאָל געווען ייִדן! אפילו אין דער נייער היים, זיינען מיר ייִדן. קלאָגן און וויינען, דאַרף מען ניט! עס איז נויטיק אחדות, אחדות איז נויטיק בא ייִדן!

**חזן:**

(דרייט זיך אויס צום עולם)· גאָט פאַרלאָזט ניט. איז געקומען קאָלאָמבוס און נייע לענדער אַנטדעקט. ייִדן האָבן אַ נייע היים געפונען. מען לאָזט אונדז בויען ישובים? דאַרף מען בויען. מען דאַרף בויען תלמוד תורות פאַר אונדזערע קינדער. זאָלן זיי לערנען ייִדישקייט. זאָלן זיי אויך וויסן: אַז מיט אונדזער געלט, מיט אונדזערע געלערנטע, האָט קאָלאָמבוס געקענט נייע לענדער אַנטדעקן!

עס קומען אריין חיים סאלאמאָן, רחל, בענדזשעמין נאָנעז, חצקל, אריה מיטן איניקל. רחל גייט גלייך אַריבער אין דער וויבערשער שול. נאָנעז, חצקל, אריה און זיין איניקל גייען גלייך אריבער צו א טיש. אריה, חצקל, טוען אָן זייערע טליתים. סאלאמאָן גייט אריבער צום סטענדער, פון דער לינקער זייט, פון עמוד. ווען סאלאמאָן איז אריינ־געקומען, האָבן זיך אַלע אויפגעשטעלט און פאַרנייגט. עס איז געוואָרן אַ מינוט שטיל. סאלאמאָן טוט אָן זיין טלית. משה פרענקס, רייסט איבער די שטילקייט.

**פרענקס:**

און איך האַלט מיך בא ס'מייניקע: ייִדן דאַרפן זיך ניט מישן.

**רב צדוק:**

(צום חזן און צום עולם). פאַרוואָס?? אַז קאלאמבוס האָט געפונען נייע לענדער (קלאפט זיך אין האַרצן). מיט אונדזער געלט, מיט אונד־

זער פּראַצע—פאַרוואָס קומט קאָלאָמבוסן דעם גאַנצן כבוד און יידן ווערן אָפילו ניט דערמאָנט? איז וואָס דערציילט איר אַ מעשה?... (זעצט זיך).

**סאלאמאָן:**

(הוסט זיך אוים. שטעלט זיך אויף. עס ווערט זייער שטיל. אַלע האָבן דרך־ארץ פאַר אים. זיי ווילן הערן וואָס ער האָט צו זאָגן). **יידן, איך בין שוין איבער ימים געשוואומען און איבער לענדער געשפּרייזט. פעל־קער געזען און מענטשן דערקענט.** עס זיינען געווען צייטן, ווען מיין לעבן איז געווען אין גרויס סכנה. איך בין אין קעלערס געלעגן און אויף **הוילער ערד געשלאָפן. מיין הארץ האָט פון הונגער געווייטאָגט און מיינע ליפּן האָבן פון דאָרשט געטריקנט.** (הוסט. רעדט מיט מער ברען). **איך קום ניט פון פּאָרטוגאל, ניט פון שפּאַניע און ניט פון די דייטשישע לענדער. איך קום פון פּוילן, וואו עס איז דעם יידן אַמאָל, אויך גוט געווען. איצט, איז אים דאָרט אויך שלעכט.** (באַגייסטערט) **אָבער דעם ביטחון, דעם ביטחון האָב איך קיינמאָל ניט פארלוירן! יידן האָבן אָלע־מאָל געלעבט מיט האָפענונג! איצט איז אן אַנדערע צייט: די וועלט איז אַ גרויסע. דאָ איז פאַראַן גענוג פאַר אלעמען! מיר ווען זי העלפן בויען! טאַקע מיט אונדזער שווייס און בלוט, ווייל מיר זיינען בירגער פון דער וועלט!** (הוסט זיך שטאַרק פאַנאַנדער. זעצט זיך אַוועק און ווישט דעם שווייס פון פּנים).

ווען סאלאמאָן האָט גערעדט איז אריינגעקומען אַ פרוי מיט אַ קינד. זיי זיינען געבליבן שטיין בא דער טיר. איצט, גייט די פרוי אריבער אין דער פרויען אָפּטיילונג. גייענדיק, צעניסט זיך דאָס קינד.

**מוטער:**

**וואָס האָסטו זיך צענאָסן, וואו האָסטו שוין ווידער געקראָגן אַ קאַ־טער? . . .**

**קינד:**

**איך האָב ניט קיין קאטער! ס'איז פון דעם טאַביק וואָס דער זיידע האָט מיר געגעבן צו שמעקן.**

**מוטער:**

(קוקט אַריבער בייז, אין דער מענערשער אָפּטיילונג). **מיין שווער, ברוך השם, פאַרגעסט קיינמאָל ניט צו מאַכן לצנות מיטן קינד!** (גייט אָפּ מיטן קינד אין דער עזרת נשים).

**שמואל לייאָנס:**

**איך זאָג, אַז דער קאָנגרעס וועט געבן אַלץ, וואָס די קאָנסטיטוציע**



**האָט צוגעזאָגט. מיר, פון אונדזער זייט, דאַרפן העלפן באַקעמפן דעם טיראַן, דזשאָרדזש דעם דריטן, מיט אַלץ, וואָס מיר פאַרמאָגן. מיט געלט? דאַרף מען געבן געלט! פארלירן, האָבן מיר גאָרנישט! געווי־נען?—אסך!**

**רב צדוק:**

(גיט זיך אַ שטעל אויף און רעדט צו שמואל לייאָנסן). **אייך איז לייכט צו זאָגן געלט, רב שמואל לייאָנס! עס איז אונדזער געלט, אונדזער פּראַצע, אונדזער האָרעוואַניע!... עס וועט זיין, ווי מיט קאָלאָמבוסעס עקספּעדיציע!** (זעצט זיך אַוועק מיט כעס).

**יצחק מנשה:**

**מיינע פריינט: פרייהייט און גלייכהייט, דאַרף מען זיך פאַרדינען דורך מעשים. מען טראָגט עס ניט אונטער אויף אַ טאַץ, ווי לעקעך און בראָנפן.**

**פרענקס:**

**יידן, לאָמיר בעטן גאָט פאַרן גענעראַל מיט זיינע סאָלדאָטן . . .**

**אריה:**

(שטעלט זיך אויף, מאַכט גלייך דעם טלית און די יאַרמעלקע). **צוריקקומענדיק צום אַלטן, רב משה פרענקס, וויל איך אייך זאָגן, אַז איך קום ערשט פון פראָנט. אונדזערע זעלנער זיינען אָרעם, אָפּגעריסן און הונגעריק. עס הערשט אַ געדריקטע שטימונג צווישן די סאָלדאָטן . . .**

**נאָנעז:**

(פאַלט אַריין אין די רייד). **גענעראַל קאָרנוואלעס און דער פאַר־רעטער, בענעדיקט אַרנאָלד, אַטאַקירן פון אַלע זייטן. אויף די פראָנ־צויזן קען מען זיך ווייניק שטיצן. אויב די רעוואָלוציאָנערן וועלן ניט האָבן די נויטיקע מיטלען, וועלן מיר, חס ושלום פאַרלירן. עס איז שוין דאָס אַכטע יאָר. עס גייט צום ווינטער. לענגער האַלטן קען מען זיך שוין ניט! . . .**

**אריה:**

(בייזערט זיך). **אויב, אונדזערע וועלן חס ושלום פארלירן, וועט זיין ערגער ווי די אינקוויזיציע אָדער גזירות ת״ח — כמעלניקציס שחיטות . . .**

**רב צדוק:**

**אויב מירן שוין אַוועקגעבן אונדזערע פּראַצע, עס וועט שוין זיין**

**אַ קאָנסטיטוציע וועלן ייִדן אימער בלייבן ייִדן ... מען וועט אונדז אימער יאָגן און פּלאָגן!**

**שמואל לייאָנס:**

**אַזעלכע מענטשן ווי טאָמאַס דזשעפערסאָן, בענדזשעמין פרענקלין, דזשיימס מעדיסאָן, טאָמאַס פּיין און די אַנדערע, וועלן ניט פאַרראַטן! און ועל כולם, זיין עקסעלענץ—דער גענעראַל וואַשינגטאָן!!...**

**רב צדוק:**

(פאַלט אריין אין די רייד). **רב שמואל, דערמאָנט זיך אין דעם פּסוק: „ויקם מלך חדש!" אַזוי, אַז אַלע הבטחות, וועלן בלייבן אויפן פּאַפּיר!**

**נאָנעז:**

ייִדן, מיר פּילפּל'ען זיך צופיל. היינט איז ניט קיין צייט פון פּילפּולים!

**סאַלאָמאָן:**

(גיט זיך אַ שטעל אויף, אַביסל אויפגערעגט). **ייִדן, צי איז דען איצט די צייט צו רעדן, ווי אַזוי די קאָנסטיטוציע וועט זיין געבויט? דערווייל ווערן מיר אַנערקענט אַלס גלייכע בירגער אין דעם נייעם לאַנד! אונדזערע ברידער ייִדן געפינען זיך אין דער רעוואָלוציאָנער אַרמיי!... זיין מאַיעסטעט, גענעראַל דזשאָרדזש . . .**

דאָס רעדן ווערט איבערגעריסן. עס גיט אַ קום אריין רבי סייסקעס און זיין פרוי. אַלע שטעלן זיך אויף פאַרנייגן זיך אויס דרך־ארץ. די רביצן גייט גלייך אריבער אין דער ווייבערשער אָפּטיילונג. דער רבי גייט צו צו זיין סטענדער. טוט אויס זיין אויבערמלבוש און הוט. בלייבט שטיין אין טלית און קיטל. רב זעליק (דער שמש). גייט צו צום ארון קודש און עפנט אים אויף. גייט צוריק צו זיין פּלאַץ (בא אן עק פון א לאַנגן טיש). גיט דריי קלעפּ אין טיש אריין. ער שרייט אויס: „כל נדרי!" אַלע שטעלן זיך אויף. מאַכן גלייך די טליתים. עפענען די מחזורים און דרייען זיך אויס צו דער מזרח וואַנט...

**חזן:**

**כאָאָאָל נדרי!...** (אַלע שאָקלען זיך און זינגן צו... מען קלאַפּט אין דער טיר. די מתפללים זיינען אַזוי פאַרטיפט, אַז זיי הערן ניט דאָס קלאַפּן. דאָס קלאַפּן ווערט שטאַרקער. אַלע בלייבן שטיל און ווענדן זייערע בליקן צו דער טיר און צום רבין. דער רבי גיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ צו רב זעליקן, ער זאָל גיין עפענען די טיר. עס גיט אַ קום אריין אַ



פאַרבלאָטיקטער, אַ מידער„ דער סאַרזשאַנט פון וואַשינגטאָנס העד־קוואָרטערס. ער בלייבט שטיין בא דער טיר א דערשראָקענער. ער קומט אָבער באַלד צו זיך. עס הערשט אַ טויטע שטילקייט. אַלע קוקן אויף אים).

**סאַרזשאַנט:**

איך בין אַ שליח פון זיין עקסעלענץ, גענעראַל וואַשינגטאָן! איך האָב אַ **בריוו פון זיין עקסעלענץ, צו מיסטער חיים סאַלאָמאָן!** (נעמט ארויס א בריוו פון שטיוול).

**סאַלאָמאָן:**

(גייט צו. נעמט דעם בריוו פון דעם סאַרזשאַנט. בלייבט שטיין מיטן בריוו אין האַנט א פאַרטראַכטער).

**שמואל לייאָנס:**

**חיים סאַלאָמאָן, וואָס שרייבט, זיין עקסעלענץ?**

**סאַלאָמאָן:**

**ניט געעפנט! ס'איז דאָך היינט יום כיפור!**

**יצחק מנשה:**

**פּקוח נפש, מעג מען!**

**רבי סייסעקס:**

(ניט אויפגעלייגט). **ווי דערלויבט איר זיך צו רעדן וועגן אַזעלכע זאַכן אום יום כיפור, כל נדרי נאַכט? ... די מענשלעכע געדאַנקען דאַרפן היינט זיין אין די עולמות עליונים! . . . רבונא דעלמא כולא. פּנה הודה, פּנה זיוה, פּנה הדרה . . . אוי, יום כיפור! . . .**

**סאַלאָמאָן:**

(גייט צו צום רבין און בלייבט שטיין לעבן זיין שטענדער). **רבי, עס איז זייער וויכטיק!**

**רבי סייסעקס:**

(דרייט זיך אויס צו אים). **רב חיים, וואָס קען נאָך זיין וויכטיקער, ווי בעטן דעם רבונו של עולם, אַז ער זאָל מכפּר זיין אויף אונדזערע זינד? מע קען דאָך וואַרטן ביז מוצאי יום כיפור . . .** (עס איז זייער שטיל א ווײַלע. דער רבי קוקט אויפן סאָלדאַט און אויף דער עדה ייִדן). **נו, מילא.** (זיפצט). **עפנט דעם בריוו און לייענט**

**סאַלאָמאָן:**

(לויפט צו צו זיין שטענדער. רייסט אויף דעם בריוו און לייענט, שטילערהייט פאַר זיך אליין).

**נאָנעז:**

(אין דער צייט וואָס סאלאמאָן לייענט דעם בריוו). **עס איז א קריטישער מאָמענט, מיינע פריינט!**

**סאלאמאָן:**

(האָט געענדיקט לייענען. הוסט זיך אויס. ער איז אומרואיק. גייט צום רבין און רעדט צו אַלעמען). **רבי, יידן, עס איז פקוח נפש! זיין עקסעלענץ בעט בא אונדז באלדיקע הילף!** (צום סאָלדאט). **לאָזט וויסן** זיין עקסעלענץ, אַז די יידישע געמיינדע אנערקענט די וויכטיקייט פון זיין אָנגעשטרענגטער אַרבעט און די מסירות נפש פון זיינע סאָלדאַטן. **די יידישע קאָלאָניסטן וועלן טאָן אַלץ, אייך ארויסצוהעלפן אין אייער גערעכטן קאמף!**

**סארזשאנט:**

(סאַלוטירט און וויל שוין גיין).

**סאלאמאָן:**

((פאַרהאלט אים). **מאָרגן פרי, איידער די זון וועט אויפגייך, וועט איר האָבן אַלץ, וואָס מיר קענען אייך געבן!**

רב זעליק עפנט די טיר און לאָזט ארויס דעם סארזשאנט. ער גייט צוריק און פאַרמאַכט די טירלעך פון ארון קודש. עס הערשט אָ גע־דריקטע שטימונג. אלע קוקן אויפן רבין און אויף סאלאמאָנען.

**רב צדוק:**

(זיפצט און רעדט צו זיך אליין). **אפשר איז עס משיח׳ס צייטן... איין גאָט אין הימל ווייסט...**

**סאלאמאָן:**

(גייט צו צום רבין און בעט זיך). **רבי, זייט מוחל פאָר איבעררייסן די הייליגקייט פון דעם היינטיקן טאָג. וואַרטן, וועט זיין זייער פאטאל פאַר אַלע איינוואוינער פון די קאָלאָניעס. איך בין זיכער, אַז דער רבי וועט איינזען . . . ס׳איז פקוח נפש . . . רבי, עס שטייט דאָך: „קול המון כקול שדי״.**

**רבי סייסעקס:**

(איז די גאַנצע צייט געשטאַנען פאַרטיפט אין זיך אליין און ניט געקוקט אויף סאלאמאָנען, בשעת ער האָט גערעדט צו אים, דרייט זיך איצט אויס צו סאלאמאָנען און צום עולם. אלעמענס אויגן זיינען אָנגעשטעלט אויף אים. ער רעדט געלאַסן און מיט געבעט). **מצוה הבאָה**



**בעבריה—אָ גוטע זאך, קומט אָן אן עברה. איך קען נאָר איבערחזרן דאָס וואָס מרדכי הצדיק האָט געזאָגט צו אסתר המלכה, בשעת זי האָט זיך אָפּגעזאָגט צו בעטן דעם מלך אחשורוש פאַר אירע ברידער: — דו דענקסט אַז דו וועסט זיך באהאלטן פון המנען, אין קעניגלעכן הויף? ווער ווייסט, אפשר ביסטו גאָר געשיקט געוואָרן אין קעניגלעכן הויף אריין, גראדע אין דער איצטיקער צייט, ווען יידן דארפן האָבן א מליץ יושר—ווער ווייסט, אפשר איז עס טאַקע מין השמים, וואָס מיר זיינען פארוואָרפן געוואָרן מעבר לים, בכדי מיר זאָלן קענען מציל זיין אונדזערע ברידער, פון רדיפות און פון שחיטות, אין דער אלטער היים?... גו, וועט השם יתברך פארגעבן פאַר דער הפסקה און אין דעם זכות, וועלן מיר אלע אויסגעלייזט ווערן פון גלות... רב חיים, איר קענט רעדן . . .**

**סאלאמאָן:**

(זייער מונטער). **אָ דאַנק, רבי סייסקעס. אָ דאַנק...** (הוסט זיך אויס. גייט צו אָ שטענדער, שטעלט זיך מיטן פנים צום עולם. ער דאַרף אויך אויסקומען אַזוי, אַז דער פובליק אין זאַל, זאָל אים אויך זען, ווי ער וואָלט אויך גערעדט צו זיי. אַלעמענס בליקן זיינען געווענדט צו אים). רבותי, ברידער, יידן: ווען פוילן איז אריינגעפאַלן אין די הענט פון דעם רוס, האָב איך געמוזט פאַרלאָזן מיין היים. **יענע גיפטיקע** שונאים פון דעם פוילישן פאָלק, האָבן מיך און אָ צאָל פון פוילנס בעסטע זין, פאַרמשפט צום טויט. בלויז דערפאַר, וואָס מיר זיינען געווען **געטריי די אידעאלן פון פרייהייט און רעכט, פון דעם פוילישן פאָלק.** (פאַרהוסט זיך). אייניקע, פון אָט די, בעסטע פוילנס זין, קעמפן איצט אין דער פרייהייטס אַרמיי פון די קאָלאָניעס. אן ענלעכע לאַגע ווי **אין פוילן, עקזיסטירט איצט, אין אונדזער נייער היים. יידן זיינען שטענדיק געשטאַנען צווישן די, וואָס האָבן געקעמפט פאַר פרייהייט, יושר און גערעכטיגקייט. אזוי האָבן אונדז געלערנט אונדזערע גרויסע נביאים. איצט, ווען דער טיראַן, דזשאָרדזש דער דריטער, באַרויבט אונדז פון אלע מענטשלעכע רעכטן, ווען די קאָלאָניסטן גיבן אַוועק זייער לעבן אין קאַמף פאַר פרייהייט, ווען אונדזערע ברידער געפינען זיך אויף די שלאַכטפעלדער, טאָרן מיר ניט שווייגן!** (פאַרהוסט זיך. ווישט דאָס פנים מיטן טיכל). **וואו זאָלן אונדזערע אויגן פאַלן? וואו זאָלן מיר זיך ווענדן מיט אונדזער בליק? ווען אין איירָאָפּע באָדן זיך די טיראַנען אין יידיש בלוט, איז, וואו זאָלן מיר זיך ווענדן מיט אונדזערע האָפענונגען? מיר ווילן שלום. מנוחה ווילן מיר, מיינע ליבע פריינט! וויסן זאָלט איר, אַז אָ נייער שטערן גייט אויף. דעם נייער שטערן דארפן**

מיר מחדש זיין, ווי מיר זיינען מחדש די לבנה. אַז די שעה האָט געשלאָגן, דאַרפן מיר זאָגן: „הזורעים בדמעה, ברינה יקצרו״—די, וואָס זייען מיט טרערן, וועלן שניידן מיט געזאַנג! דעריבער, דעריבער גיב איך אַוועק מיין גאַנץ פאַרמעגן אין די הענט פון זיין עקסעלענץ, גענעראַל דזשאָרדזש וואַשינגטאָן! . . . זאָל ער טאָן מיט דעם וואָס ער וויל! אַבי די רעוואָלוציע זאָל זיגן!... (פאַלט אַוועק אויף אַ שטול. הוסט אוןווישט דעם שווייס פון פנים).

**רחל :**

(גיט אַ לויף צו סאַלאַמאַנען, בלייבט אָבער שטיין פון דער ווייטנס אָביסל). חיים, גאָט איז מיט דיר, דיין גאַנץ עשירות ?! . . .

**פרענקס :**

(גיט אַ לויף צו סאַלאַמאַנען, בלייבט אָבער שטיין פון דער ווייטנס). חיים, גאָט איז מיט דיר, דיין גאַנץ עשירות? . . .

איניקע מענטשן טומלען און רעדן צווישן זיך. סאַלאַמאָן שטעלט זיך אויף. עס ווערט ווידער שטיל. ער רעדט ווייטער. אַ מידער, אַן אויסגעשעפּטער.

**סאַלאַמאָן :**

יאָ, מיין גאַנץ עשירות! איך פאַרמאָג אָבער ניט גענוג! וואַשינגטאָן מוז האָבן מאָרגן אין דער פרי, פיר הונדערט טויזנט טאָלער! מיין פאַרמעגן באַטרעפט בלויז, צוויי הונדערט און פערציק טויזענט! טאָ, לאָמיר ייִדן, ביישטייערן ברייטהאַרציק! זאָל די וועלט וויסן, אַז די ייִדן אין אַמעריקע שעצן הויך דעם קאַמף פאַר פרייהייט און רעכט! כאָטש עס איז היינט יום כיפור, מוזן מיר אָבער, מאָרגן גאַנץ פרי, אריבערשיקן די נויטיקע סומע. אין אונדזערע הענט, ליגט דער גורל פון דער פרייהייט. (הוסט). ווער טוט נאָך מיין ביישפּיל? (עס איז שטיל אַ ווײַלע). לאָמיר מאַכן שנעלער און זאָל דער חזן זיך שטעלן זאָגן כל נדרי! (זעצט זיך. ווישט דאָס פנים).

**רבי סייסעקס :**

רב חיים, האָט מיך אין זינען פאַר צוויי הונדערט דאָלער.

**חזן :**

און מיך, פאַר פינף הונדערט!

**רב זעליק :**

און מיך אויך פאַר פינף הונדערט!



**סאַלאַמאָן :**

(שמואל לייאָנס גייט צו און זאָגט אים עפּעס אויפן אויער. ער גייט גלייך צוריק אויף זיין פּלאַץ. דאָס זעלבע טוט אויך יצחק מנשה. סאַלאַמאָן שטעלט זיך אויף און רעדט מיט באַגייסטערונג). שמואל לייאָנס (הוסט), שמואל לייאָנס, גיט דרייסיק טויזנט טאָלער. נאָך יום טוב, וועט ער פאַרגרעסערן די סומע. יצחק מנשה גיט פינף און צוואַנציק טויזנט טאָלער און אויף נאָך פינף און צוואַנציק, גיט ער אַסיגנאַציעס פון דער פּאַריזער באַנק!... ווער נאָך? ...

**אַ פרוי :**

(לויפט צו צו סאַלאַמאַנען. גייענדיק, טוט זי אויס שטיקלעך צירונג פון די פינגער און פון האלדז). דאָס איז מיר געבליבן פון מיין גאָט זעליגן מאַן. (לייגט עס אַוועק און גייט צוריק צו איר פּלאַץ. נאָך איר, גייען נאָך עטלעכע פרויען און טוען דאָס זעלבע).

**פרענקס :**

(גייענדיק, רעדט ער צו זיך אַליין). זאָל מיך גאָט ניט שטראָפן פאַר מיינע רייד... אום יום כיפור, געלט!... חיים, איך גיב צען טויזנט און זאָל שוין נעמען אַ סוף!... (זעצט זיך אַוועק. נאָך ייִדן גייען צו סאַלאַמאַנען. רוימען אים איין א סוד).

**אריה :**

(גייט צו צו סאַלאַמאַנען פּאַמעלעך. גייענדיק, ציט ער ארויס פון בחעם אַ קליין זעקעלע און לייגט עס אַוועק אויפן טיש לעבן סאַלאַמאַנען). דאָ איז פאַראַן זעקס הונדערט טאָלער. געשפּאָרט פאַרן אייניקל. (ווייזט אויפן אייניקל וואָס זיצט פון דער ווייטנס). גאָט אייך זיי אַוועק און זאָל גאָט העלפן . . . (גייט צוריק צו זיין פּלאַץ. פרויען ברענגען צירונג. ייִדן רופן אויס סומעס וויפל זיי גיבן).

**סאַלאַמאָן :**

(נעמט צונויפן דאָס צירונג און דאָס זעקעלע געלט און לייגט עס אריין צו זיך אין קעשענע. ער איז זייער אויפגעלייגט. ער רעדט, בשעת מעשה, צו זיך אליין). אָט אַזוי, זאָל די וועלט וויסן, אַז אין אַמעריקע זיינען דאָ ייִדן, מיט ייִדישע הערצער... דער בעל תפילה קאָן זיך שוין שטעלן זאָגן כל נדרי... גאָט וועט פאַרגעבן. מיר האָבן געטאָן א גרויסע מצוה . . .

רבי סייסעקס גיט אַ מאַך מיט דער האַנט צום חזן, ער זאָל זיך שטעלן זאָגן כל נדרי. אַלע מאַכן זיך גלייך די טליתים און שטעלן זיך אויף צו דער מזרח וואַנט. זעליק גייט און עפנט דעם ארון קודש. ער

קומט צוריק צו זיין פלאץ. ער גיט דריי מאל א קלאפ אין טיש אריין מיט דער האנט און רופט אויס: „כל נדרי״! אין דער צייט וואס די האנדלונג קומט פאר, כאפט זיך שמואל לייאנס ארויס.

**שמואל לייאנס:**

**איצט, זיינען מיר ברוך השם געראטעוועט! (זיפצט אפ פריי).**

**יצחק מנשה:**

**היינט וואלט געדארפן זיין שמחת תורה, אדער פורים...**

**רב צדוק:**

**(מיט א זיפץ). אפשר זיינען מיר געראטעוועט, און אפשר ניט... איין גאט אין הימל ווייסט...** (קיינער פון די מתפללים הערט אים שוין ניט. אלע דינען גרייט צו זאגן כל נדרי. זיי ווארטן נאר, אז דער חזן זאל אנהייבן).

**חזן:**

**כאאאל נדרי...** (אלע זינגען מיט און האלטן אונטער דעם חזן, מיט א פריילעך געמיט. דאס זינגען און דאס זאגן פון חזן ווערט וואס אמאל שטארקער און לעבעדיקער, ביז א מיסטעריעזן עקסטאז...

פארהאנג פאלט.

**סוף**



# מרימ׳ס חלום

**א פראבלעם דראמע פון איצטיקן, יידישן לעבן אין אמעריקע.**

**אין**

**צוויי אקטן און אין זעקס בילדער.**

## פ ע ר ז אָ נ ע ן :

קלמן קרעמער, אַ רייך געוואָרענער ייד — — אַרום 50 יאָר אַלט

רחל, זיין ווייב — — — — — — — — אַרום 46 " "

מרים, זייער איינציקע טאָכטער — — — אַרום 22 " "

דוד קייגאַן, אַ גערטנער, בא די קרעמערס אין גאָרטן
אַרום 70 " "

מייטע, אַ פאַרזעסענע מויד, קרעמערס אַן אייגענע אַרום 42 " "

צבי ערלעך, אַ יידישער לעקטאָר — — — אַרום 30 " "

משאָרלס ברין, פּראָפעסאָר פון וועלט געשיכטע,
אַ קריסט — — — — אַרום 30 " "

מיסטער שאָרף, אַ פּרעזידענט פון אַ סאָסייעטי — אַרום 50 " "

מיסטער שנייד, וויצע פּרעזידענט פון דער סאָסייעטי
אַרום 55 " "

מיסטער ברין, דעם פּראָפעסאָרס פאָטער — — — אַרום 50 " "

מיסעס ברין, דעם פּראָפעסאָרס מוטער — — — אַרום 48 " "

אָרט, פּראָווינץ שטאָט אין קאַליפאָרניע.

צייט: אַרום 1945.

# ערשטער אַקט

## דאָס ערשטע בילד

בא די קרעמערס אין גאָרטן. פון דער לינקער זייט איז דער אַריינגאַנג אין הויז אַריין דורך צוויי גלעזערנע פראַנצויזישע טירן. דאָס הויז און די ווערענדע איז זייער שיין און רייך, אויפן קאַליפאָרניער שטייגער. אין גאָרטן זיינען פאַראַן פאַלמעןביימער, בלומען און אַנדערע טראָפּישע געוויקסן. דאָס גראָז איז שיין און גלאַט אָרומגעשניטן. עס זיינען פאַראַן סטעזשקעס. בא די זייטן שטייען שטולן און בענק, אונטער גרויסע ביימער. דער הינטערגרונט איז פּערספּעקטיוו: פון ווייטנס זעען זיך רייכע הייזער, בערג און טאָלן. דער גאַנצער פּאַרנעם איז רחבות'דיק. אַחוץ דעם אַריינגאַנג אין הויז אַריין (דורך דער ווערענדע) זיינען אויך פאַראַן אַריינגענג פון רעכטס און פון לינקס.

עס איז אַ הייסער יולי זונטיק אין קאַליפאָרניע. עס איז בין השמשות. די זון האַלט זיך ביים זעצן.

ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף איז די בינע שיין באַלויכטן אין פון דעם זון אונטערגאַנג און אויך פון דעם ליכט, וואָס שיינט אַרויס פון הויז אַרויס, אי דורך גרויסע פענצטער און דורך די גלעזערנע טירן. פון הויז הערט זיך דאָס שפּילן פון מחיק וואָס איז אויסגעמישט מיט מענטשלעכן געלעכטער. נאָך אַ קורצער פּאוזע קומען ארויס פון הויז מיסטער שאַרף און מיסטער שנייד. ביידע זיינען אָנגעטאָן אין זייערע זונטיקדיקע מלבושים. זיי זיינען אָנגעגעסן און אָנגעטרונקען און פאַרשוויצט. זיי זיינען אין אַ געהויבענער שטימונג.

**מר. שאַרף:**

„סאָם פּאַרטי!" איך בין דאָך שוין אין מיין לעבן געווען אויף פּאַרטיס, אָבער צו אַזאַ פּאַרטי — „נאָ סער". דאָס איז שוין איינמאָל אַ פּאַרטי! „יעס סער!"

**מר. שנייד:**

אַחוץ קלמנ'ס שאָדן, אויף מיר און מיינע ליבע געזאָגט געוואָרן!

**מר. שאַרף:**

(ווישט זיך דעם האַלדז). איר מעגט מיך אויך אַריינעמען פאַר אַ שותף, מר. שנייד!

**מר. שנייד:**

אויב ווינטשן, קום איך און מיינע אייגענע, אַ סך פריער, ווי פרעמדע. אַז מיר וועלן שוין האָבן אַריבער און אַריבער, דעמאָלט זעט איר, קענט איר אויך אָפּלעקן אַ ביינדל! . . . (לאַכט נאַרישעוואַטע).

**מר. שאַרף:**

(אין כעס). מיר וואַרפט מען ניט צו קיין ביינדלעך! איך בין ניט קיין . . .

**מר. שנייד:**

וואָס קאָכט איר זיך אַזוי, מר. שאַרף?! ווען מיר זיינען אַהער־געפאָרן, האָט איר זיך געקאָכט! אינעווייניק האָט אייך געוואָרפן ווי אין אַ קדחת און איצט, ווידער! וואָס איז, אַז דער „לעקטשורער" מיסטער ערלעך קוקט אויף קלמנס טאָכטער, טאָר ער ניט? זי איז אַ שיינע, יידישע טאָכטער און ער איז אַ גאַנץ פיינער יונגערמאַן. ניט קיין באַווייבטער. איז פאַרוואָס זאָל ער ניט וואַרפן קיין אויגן צו מרימען און פאַרוואָס זאָל זי ניט כאַפּן זיינע וואונקען? . . . האָסט געזען אַ וואַרפעניש?!

**מר. שאַרף:**

(אין כעס. דערנענטערט זיך צו שניידן). איר זוכט מיר אַריינ־צושניידן, מר. שנייד?

**מר. שנייד:**

איך זוך גאָרנישט. איך זאָג נאָר, אַז יעדער מענטש דאַרף וויסן זיין פּלאַץ. איר מיינט אַז איר קענט אָוועקלייגן יעדן קרבן אויף יעדן מזבח? ניין . . . איך וויים אַז איר האָט אַ טאָכטער און איך וויים אויך אַז . . .

**מר. שאַרף:**

(שרייט). טשעפּעט ניט מיין טאָכטער! (דראָט אים מיטן פויסט). איר הערט?! טשעפּעט ניט מיין טאָכטער, מיסטער שנייד!

**מר. שנייד:**

זאָל מיך גאָט אָפּהיטן. ווער טשעפּעט אייער טאָכטער?!

**מר. שאַרף:**

(נאָך העכער). רירט ניט אָן מיין טאָכטער, זאָג איך אייך!



**מר. שנייד:**

איך וויל מיך גאָרנישט צורירן צו אייער טאָכטער. דעריבער זאָג איך דאָך . . .

**מר. שאַרף:**

זאָגט גאָרנישט וועגן מיין קינד. זי איז אַ מיידל, אויף מיר אַזאַ יאָר.

**מר. שנייד:**

אָמן!

**מר. שאַרף:**

איז זי ניט קיין בלאָנדינקע, און אַז אַ ברונעטקע איז וואָס? וויל זי ניט גיין אין קאָלעדזש און וויל ניט שפּילן קיין פּיאַנע . . . אָבער אַחוץ דעם, איז זי אַ מיידל ווי אַלע מיידלעך. דאָס וועט איר דאָך צוגעבן.

**מר. שנייד:**

דאָס וויים איך אויך ניט. נאָר, אַ חוץ דעם, דאַרף יעדער מענטש וויסן זיין פּלאַץ. מר. ערלעך און מרים זיינען אין זאַך און אייער טאָכטער און מר. ערלעך, זיינען עפּעס אַנדערש. איר פאַרשטייט? עפּעס אַנדערש! . . . עפּעס אַנדערש, האָב איך . . .

**מר. שאַרף:**

(פאַלט אַריין אין די רייד מיט כעס). וואָלט איך ניט געווען אין דער זעלבער „קאָמיטע" מיט אייך, וואָלט איר ניט געווען דער וויים־פּרעזידענט, וואָלט איך אייך אָפּגעשפּילט אַ שמחהלע, אַז איר וואָלט געהאַט צו זינגען און צו זאָגן. איצט, זאָל מיינס איבערגיין. ביז צו די „עלעקשאַנס" איז שוין ניט ווייט. איר וועט דאָך ווידער וועלן לויפן פאַר וויים־פּרעזידענט. איי וועט איר לויפן. איר וועט שוין לויפן, אַז איר וועט פאַרזאָגן אַ צענטן, ניט צו פאַרטשעפּען זיך מיט מיסטער שאַרפס טאָכטער. (גיט אַ לויף אַריין אין הויז אַריין).

**מר. שנייד:**

(ציט מיט די אַקסלען און גייט אים נאָך). דאַכט זיך אַ קליין מענטשעלע, און דאָך וויל עס דערגרייכן דעם הימל. (גייט אויך אַריין אין הויז אַריין).

פון הויז הערט זיך לעבעדיקע מחיק און געלעכטערס. קלמן קרע־מער קומט אַרויס פון הויז אָן אויפגעלייגטער. צבי ערלעך קומט מיט אים. ערלעך איז זייער פיין אָנגעטאָן. קרעמער טראָגט ניט קיין ראָק, נאָר אַ וועסט. ער גייט פאַראויס מיט פּאַמעלעכע, זיכערע טריט. זיי

קומען אַרונטער אין גאָרטן. קרעמער אָטעמט פריי און שמייכלט אַ צופרידענער. ערלעך קוקט זיך גוט אַרום פון אַלע זייטן מיט גרויס פאַרוואונדערונג.

**קרעמער:**

איך מוז אייך זאָגן דעם ריינעם אמת, מר. ערלעך: איר האָט מיר באַשיינט די שמחה. איר האָט מיר אָנגעטאָן גרויס כבוד. וואָס אמת איז אמת.

**ערלעך:**

(שמייכלט אַ צופרידענער). מע דאַרף אַזוי ניט ריידן, מר. קרע־מער. ניט נויטיק.

**קרעמער:**

איך בין אַ פּראָסטער חי וקים. וואָס אויפן לונג, איז בא מיר אויפן צונג. טאַקע, אין דער אמתן: איר, אַזאַ אידעלער, אַ לעקטשורער, אַ באַלערנטער אין די ביכער און איך . . . ווער בין איך געווען אידער איך האָב געקויפט דעם „אָרענדזש גראָוו מיטן רענטש". אמת, איצט האָב איך מיר אַ פעט באַנק ביכל מיט דאָלאַרן . . . (שמייכלט) וואָס ווייסן אָבער באַנק ביכלעך פון „לעקטשורס"? (ווישט אָפּ מיטן נאָזטיכל אַ באַנק). זיצט, מר. ערלעך, אָט דאָ . . . לאָמיר דאָ זיצן אַ ווײַלע. איר און איך. איר, דער געלערנטער און איך, דער . . . שמייכלט). איך בין אַ פּראָסטער, אָבער אַ האַרץ האָב איך, לאָמיר שוין ביידע האָבן אַזאַ יאָר. (נעמט אַרויס אַ ציגאַר פון וועסטל קעשענקעלע און פאַר־רויכערט. בלאָזט דעם רויך מיט גרויס צופרידנקייט).

**ערלעך:**

איך ווייס דאָס, מיסטער קרעמער. אין די עטלעכע טעג וואָס איך געפין זיך בא אייך אין הויז, האָב איך אין אייך דערקענט דעם פיינעם כאַראַקטער, דעם אמת'ן פאָלקס מענטש . . .

**קרעמער:**

(פאַלט אַריין אין די רייד). איי רעדט איר שיין . . . (בלאָזט דעם רויך). וואָס זאָגט איר עפּעס אויף מיין טאָכטער, מיין מרים?

**ערלעך:**

עס איז דאָ זייער אַסך צו זאָגן וועגן איר. (אין אַ פאַרלעגנהייט). נאָר . . .

**קרעמער:**

(מיט פרייד). איר מיינט דאָס אויף אַן אמת? . . .



**ערלעך:**

פון מיין טיפן האַרצן . . .

**קרעמער:**

(שטעלט זיך אויף. נעמט זיך אָן מיט מוט). איר זעט אָט דאָס גוטס? (נעמט אַלץ אַרום מיט זיינע הענט). דאָ ליגט מיין גאַנץ לעבן האָרעוואַניע. (מיט האַרץ). מיינט ניט, אַז עס איז מיר אַזוי גרינג אָנ־געקומען! אין פנים אַריין האָבן זיי (וויזט אין דער וויטקייט) מיר, מיינע טויזנטער צוריקגעוואָרפן! זיי ווילן מיך ניט האָבן פאַר קיין שכן, ווייל איך בין אַ ייד! מיין נאָמען איז קאַרל קרעמער! איר פאַרשטייט, קרעמער! . . . אַ יידישער נאָמען! איך בין זיי אָבער בייגעקומען (מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ) איר הערט, בייגעקומען!! איצט לאַך איך פון זיי! פאַרשטייט זיך, ניט אין פנים אַריין לאַך איך. עס ווילט זיך ניט איינרייסן מיט קיין שכנים. איך וועל זיי אָבער האָבן צו געדענקען! . . . (אָטעמט פרייער. זעצט זיך לעבן ערלעכן). איר זעט דאָס גאַנצע גוטס? עס איז ניט מיינס און ניט מיין ווייבס. מיר האַלטן דאָס דערווייל. איר ווייסט וועמעס דאָס איז? . . .

**ערלעך:**

איך פאַרשטיי, מיסטער קרעמער. עס איז אייער טאָכטערס, אי־בער הונדערט און . . .

**קרעמער:**

(לאַכט אַ צופרידענער). איר זייט דאָך טאַקע אַ קלוגער . . . איר הערט, מיין מרים'ל, זי איז מיין אויג אין קאָפּ. מיר לעבן נאָר צוליב איר. (רוקט זיך צו נעענטער). איך זאָג אייך, עס איז שווער צו געפינען אַ גלייכן צו איר . . .

**ערלעך:**

דאָס איז אמת, מר. קרעמער.

**קרעמער:**

איר לייענט דאָך ביכער. זי לייענט זייער אַ סך ביכער.

**ערלעך:**

יאָ. איך האָב געזען בא אייך זייער אַ פיינע ביבליאָטעק.

**קרעמער:**

היינט זאָלט איר זי הערן שפּילן אויף דער פּיאַנע . . .

**ערלעך:**

איך האָב געהערט, מר. קרעמער.

**קרעמער:**

נו, קענט איר זיך פאָרשטעלן, אַז מיין טאָכטער, קלמן, וואָס האָט אין דער היים געפּעכגיעט פון הונגער, אַז מיין טאָכטער זאָל אַזוי שיין שפּילן אויף דער פּיאַנע? איך אַליין קאָן זיך דאָס ניט גלויבן! אָבער זי שפּילט! איר פאָרשטייט?! און נאָך אַ מין שפּילן . . .

רחל קרעמער קומט אַרויס און בלייבט שטיין אויף דער וועראַנדע. זי איז אַ גאַנץ שיינע, מיטליאָריקע פרוי. אַ מילד פּנים. יום־טוב׳דיק אָנגעטאָן.

**רחל:**

קלמן, וואו ביסטו פאַרפאַלן געוואָרן? (זי דערזעט ערלעכן). אַ, אַנטשולדיקט. איך האָב ניט געוואוסט אַז איר זייט אויך דאָ. (גייט אַרונטער צו זיי, אין גאָרטן).

**קרעמער:**

(שטעלט זיך אויף). גוט וואָס דו ביסט אַרונטערגעקומען, רחל. קום אַהער, זעץ זיך דאָ אַוועק. (ווייזט איר אויף דער באַנק).

**רחל:**

(דערנעענטערט זיך צו זיי). גאָט איז מיט דיר, ווי קען איך איצט זיצן? האָסט פאַרגעסן אַז מיר פּראַווען היינט אַ חנוכת־הבית? (זעצט זיך).

**קרעמער:**

(שמייכלט). פאַרגעסן, האאאא! ווי קען איך דאָס פאַרגעסן? ווייניק מי האָט עס מיך געקאָסט ביז איך האָב דאָס דערגרייכט? איך זיץ דאָ און רייד מיט מיסטער ערלעכן וועגן אונדזער קינד. (זעצט זיך).

**רחל:**

(פאַרוואונדערט). וואָס איז דען פאַראַן וואָס צו ריידן?

**קרעמער:**

אַ סך, רחל. זייער אַ סך.

**ערלעך:**

איר מאַכט אַ טעות, מיסטער קרעמער. אייער טאָכטער רעדט פאַר זיך אַליין. (מיט אַ שמייכל). איך פאַרשטיי וואוהין איר צילט, מיסטער קרעמער. איך פאַרשטיי יעדעס וואָרט אייערס. גלויבט מיר, אַז ניט נאָר איך, נאָר יעדער פיינער יונגערמאַן וואָלט זיך געשעצט גליקלעך צו געווינען איר האַרץ.



**קרעמער:**

איר מיינט דאָס אויף אַן אמת? (גיט זיך אַ שטעל אויף, מיט פרייד). האָסט געהערט, רחל? (צו ערלעכן). נו? . . .

**ערלעך:**

מיסטער קרעמער, איר זייט דאָך אַ פּראַקטישער מענטש, דאַרפט איר וויסן, אַז „איט טייקס טו, טו מעיק עי באַרגן". איר פאַרשטייט, די פראַגע איז, צי האָט זי אַ געפיל צו מיר . . . אזא זאַך מוז קומען פון ביידנס . . .

**קרעמער:**

(מיט פרייד צו רחלען). האָסט שוין אַמאָל געהערט אַזעלכע ווערטער, רחל?

**רחל:**

(מיט אַ שמייכל). כ׳ווייס, אפשר האָט מען אין אונדזערע צייטן נישט געדאַרפט אַזוי ריידן. (צו ערלעכן). נו, האָט איר שוין געלאָזט פאַלן אַ וואָרט צו איר, וועגן דעם?

**ערלעך:**

(שמייכלט, ווי פאַרלוירן). ניט געהאַט די פּאַסיקע געלעגנהייט.

**רחל:**

איז, אויף ווען וואַרט איר?

**קרעמער:**

(רייבט זיך די הענט). מע גייט צו און מע זאָגט אַז . . .

**ערלעך:**

אויף אַלץ איז פאַראַן אַ צייט און אַ פּלאַץ, מיסטער קרעמער. „אין חכם כבעל הנסיון" . . . איך האָב ניט קיין דערפאַרונג, און . . .

**רחל:**

(שמייכלט. פאַלט אַריין אין די רייד). פאַר וועמען האָט גאָט באַשאַפן די ביימער, בלומען און די שיינע אָוונטן . . . (הייבט אָן גיין). וואָס זשע, איך דאַרף אייך אַריינלייגן אַ פינגער אין מויל אַריין? איר זייט דאָך עפּעס אַ געלערנטער. איר ווייסט דאָך. (גייט אַריין אין הויז אַריין).

**ערלעך:**

(קוקט איר נאָך). די אמתע יידישע מוטער. (שמייכלט).

**קרעמער:**

נישקשה, די אמתע ווייב אויך. (הייבט אָן גיין). איז, וואָס זאָגט איר?

**ערלעך:**

(שמעלט זיך אויף). **אַז מיר פאַרשטייען זיך שוין יאָ, וויל איך אייך זאָגן דעם אמת: איך זוך שוין לאַנג די פּאַסיקע געלעגנהייט...** (הייבט אָן גיין אין הויז אַריין).

קרעמער גייט הינטער אים. ווען ערלעך האַלט אין עפענען די טיר און וויל נאָך עפּעס זאָגן צו קרעמערן, גיט אַ קום אַרויס מייטע, אַ פאַרשוויצטע, אין כעס און שלאָגט זיך אָן אין ערלעכן. ער ענטפערט ניט און גייט גלייך אַריין אין הויז. ווי נאָר מייטע האָט זיך אָנגעשלאָגן, גיט זי אַ זאָג אויטאָמאַטיש):

**מייטע:**

„עקסקיוז מי!"... (ווישט די הענט אין פאַרטוך און ווענדט זיך צו קרעמערן). **וואו באַהאַלטסטו זיך, קלמן?!**

**קרעמער:**

**צו וואָס דאַרפסטו מיך, מייטע?...** (מיט כעס). **זעסט שוין ניט וואו דו גייסט, מייטע?!...**

**מייטע:**

(קומט צו נעענטער). **הערסט, איך האָב דאָך שוין אין מיין לעבן געזען הונגעריקע געסט, אָבער אַזעלכע וועלף, האָב איך נאָך ניט געזען! זיי עסן דאָך נישט. זיי שלינגען! איך האָב דאָך שוין ניט קיין כוח צו דערלאַנגען! איך האָב שוין באַלד ניט וואָס צו דער־לאַנגען! איך האָב נאָר מורא, זיי זאָלן זיך באַלד ניט נעמען צו מיר!...**

**קרעמער:**

**זאָלן זיי עסן געזונטערהייט! איך האָב „פּלענטי" אָנגעגרייט! זאָלן זיי עסן, מייטע. זאָלן זיי!**

**מייטע:**

**גיי זשע אַריין און צעשנייד די צוויי „טוירקיס". און ברענג אַריין די ביר מיטן סאלאד פון „גאַראדזש". אָן כוחות בין איך שוין! (ווערט אין כעס). אַ „באַרגן" האָב איך מיר איינגעהאַנדלט מיט מיין קומען אַהער! אַ דינסט, אַ קעכן האָסטו געמאַכט פון מיר! מיין משפחה.** (סאַרקאַסטיש און בייז). **מיין קאָזן! „קום אַרויס קיין קאַליפאָרניע,**



**מייטע! דו וועסט זיך צעוואַקסן ווי אַ קאַקטוס!"... איך נאָר כאַפּ מיינע שמאַכטעס און קום צו רייטן!**

**קרעמער:**

**וואָס איז, ס'איז דיר שלעכט בא מיר?** (ווייזט אויפן אַרום). **זע וואו דו וואוינסט?...**

**מייטע:**

**וואָס טויגן מיר דיינעביימער מיטן גראָז, אַז זיי זיינען אין דרויסן און איך בין אין „קיטשן" מיט די טעפּ! און וואו איז דער שידוך וואָס דו האָסט מיר צוגעזאָגט אין דיינע שיינע בריוו?**

**קרעמער:**

(קראַצט זיך דעם קאָפּ). **וואָס בין איך שולדיק? ביז דו האָסט זיך אויסגעפּאַרעט, האָט אים אָן אַנדערע אויסגעכאַפּט!...**

**מייטע:**

(מיט באַדויערן). **אָך און ווי איז צו מיין יאָרן!** (סאַרקאַסטיש). **ווי אַ קאַקטוס וועל איך מיך צעוואַקסן!** (פאַרקרימט זיך). **ווי אַ קאַק־טוס!... טאַקע, אין קיטשן קען מען טאַקע וואַקסן ווי אַ קאַקטוס.** (בלייבט שטיין פאַרטרויערט). **פינצטער איז מיין מזל... איך וועל שוין אַזוי בלייבן אַ...** (הייבט אָן וויינען)

די לעצטע ווערטער האָט שוין קרעמער ניט געהערט. ער איז אַריינגעגאַנגען אין הויז. מייטע שטייט פאַרטרויערט און ווישט די אויגן. פון דער רעכטער זייט הערט זיך ווי דוד זינגט דעם מאָטיוו פון „אַ חלום, אַ חלום האָט זיך מיר געחלומט". זי הערט זיך צו צום געזאַנג. באַלד קומט אַרויף דוד. ער איז אַ ייד פון א יאָר 70. לעבעדיק און באַוועגלעך. ער איז אַ הויכער, דאַרער מאַן. דער רוקן אַביסל איינגעבויגן, צוליב די יאָרן. ער איז אָנגעטאָן אין אָווערהאָלס און אין אַ גרויסן, שטרויענעם הוט, צו פאַרשטעלן דעם קאָפּ פון דער ברענענדיקער זון. אין דער האַנט האַלט ער אַ שער, אַרומצושניידן די ביימעלעך. ער איז פריילעך. פון צייט צו צייט, נעמט ער אַביסל בראַנפן פון אַ פלעשעלע וואָס ער טראָגט בא זיך אין דער הויזן קעשענע. ער בלייבט שטיין. הערט אויף זינגען. גלייכט זיך אויס און ווענדט זיך צו מייטען.

**דוד:**

**העלאָו, מייטע „דאַרלינג", וואָס הערט זיך עפּעס אינעווייניק, אין קלמנס אַריסטאָקראַטישן פּאַלאַץ?!**

**מייטע:**

מען עסט! מע עסט אים היינט אויף מיט דיביינער!

**דוד:**

(גיט אַ מאַך מיט דער האַנט). זאָלן זיי עסן! זאָלן זיי! קלמן קויפט זיך היינט איין אין יחוס! קלמן פעדלער קריכט היינט אַריין אין די הויכע פענצטער! זאָל ער קריכן! ער איז שוין אַזוי ווייט געקראָכן, זאָל ער ווייטער קריכן! זאָל ער!

**מייטע:**

און וואָס איז מיט אייך, פאַרוואָס האָט איר היינט ניט אָנגעטאָן עפּעס אַ לייטישן „סוט״? היינט אויך אין די „אָווערהאָלס״! היינט האָט איר געמעגט אויסזען ווי אַ מענטש!

**דוד:**

(שמייכלט און דערנענטערט זיך צו איר). דו מיינסט צו זאָגן, מייטע, אַז אין „אָווערהאָלסט״ בין איך קיין מענטש ניט? ס׳איז טאַקע אמת, וואָס מע זאָגט „מלבושים כבוד״. מלבושים באַשיינען דעם מענטשן. אָבער נאָר אין דרויסן, מייטע, פאַר לייטן. (ווייזט אויפן האַרצן). אָבער דאָ, אָ, ניין מייטע. דאָס קען מען ניט צודעקן מיט קיין קליידער. דאָ זעסטו, ווען דאָ ליגט מענטשלעכקייט, זיינען „אָווערהאָלס״ שיינע מלבושים.

**מייטע:**

אָבער צוליב די געסט. אַלע פרעגן זיך אויף אייך. ווי עס ווייזט אויס, קענען דאָ אייך אַלע.

**דוד:**

(זעצט זיך אויף אַ באַנק, אַביסל פאַרטרויערט). שוין צייט אַז זיי זאָלן מיך קענען. פיר און צוואַנציק יאָר, מייטע, ווי איך וואוין דאָ, טאַקע ביי דיין קלמן. איך געדענק דאָך נאָך, ווי זיי אַלע (גיט אַ מאַך מיט דער האַנט אין דער ברייט), זיינען געווען פעדלערס! קבצנים שבקבצנים. איצט, זיינען זיי ווילטיקע מענטשן. זייערע ווייבער זיינען באַהאַנגען מיט דיימאַנדס. זיי אַליין, טרייבן גרויסע אויטאָמאָבילן. זיי פירן די גרענדע! הע, הע . . .

**מייטע:**

פאַרוואָס זייט איר ניט געוואָרן רייך, ווי זיי? . . . איר זייט „דזשעלעס״!



**דוד:**

(שמייכלט). איך „דזשעלעס״ אויף זיי? ניין. איך האָב קיינמאָל ניט געוואָלט ווערן רייך! איך האָב געהאַט אַן אידעאַל, מייטע. פאַרשטייסט, אַן אידעאַל! מיין מאַמע האָט טאַקע געוואָלט אַז איך זאָל ווערן אַ רב און איך האָב גאָר געוואָלט זיין אַ יוניאָן לידער, אַ שרייבער, בויען אַ יידישע קאָלאָניע אין אמעריקע . . . (זיפצט. נעמט ארויס דאָס פלעשעלע בראַנפן פון דער קעשענע. גיט אַ זופּ. פּאַסמאַקעוועט זיך און לייגט עס צוריק אריין אין קעשענע). איך האָב שוין געדינט אַלע געטער, מייטע. איך בין שוין געווען אַן אנאַרכיסט, אַ סאָציאַליסט און אפילו אַ קאָמוניסט. קיינמאָל זיך ניט געיאָגט נאָך קיין געלט. איצט, אין מיינע יאָרן, אוודאי ניט. (זיפצט). איצט, פאַרשטייסטו מיך, בין איך צוריק אַ ייד! פאַרשטייסט?! אַ ייד! . . .

**מייטע:**

(זעצט זיך לעבן איס). ווען איר וואָלט געהאַט געלט, וואָלט איר אויך געפאָרן אין אַ שיינעם אויטאָמאָביל און ניט געדאַרפט ארבעטן בא יענעם.

**דוד:**

(גיט זיך אַ דריי אוים צו איר מיט אַ שמייכל). ווער, איך? כאַ, כאַ, כאַ! פאַרשטייסט מיך ניט. מיין בעסטער פאַרגעניגן איז פלאַנצן בלומען. ווען איך זע ווי די ביימעלעך שאָקלען זיך, אָט די ביימעלעך וואָס איך האָב פאַרפלאַנצט מיט מיינע אייגענע הענט, האָב איך דעם גרעסטן פאַרגעניגן. (גיט זיך אַ שטעל אויף, אַ זופּ פונם פלעשל, פּאַסמאַקעוועט זיך). וואָס טראַכסטו וועגן מיר, מייטע? . . .

**מייטע:**

(זי קוקט אַרויף צו אים). וואָס קאָן איך טראַכטן? אַז איר האָט זיך אַרויפגערוקט אַזש צו די זיבעציקער. ווען איר וואָלט כאָטש געוואוינט אַביסל נידעריקער, כאָטש אין די פופציקער, ווייס איך שוין וואָס איך וואָלט געטאָן . . .

**דוד:**

(מיט אַ שמייכל). גוט געזאָגט, מייטע. איך האָב דיך האָלט!

**מייטע:**

אַזאַ מזל האָב איך שוין. די מענער וואָס זיינען נאָך היגע, ווילן אפילו ניט קוקן אויף מיר. די וואָס פאָרן שוין אַוועק, צו זיי האָב איך מזל. (שטעלט זיך אויף). איך מיין חלילה ניט אייך. איך גלייך

**איך זייער, מיסטער דוד . . .** (מיט אַ זיפֿץ). **ווען איר וואָלט זיך גע־קענט אַביסל אַרונטערדרוקן, כאַטש אויף אַ פּופּציקער, דאַמאָלט זעט איר . . .** (רחל באַווייזט זיך אויף דער וואַרענדע).

**רחל:**

(מיטאַמאָל). **מייטע, גאָט איז מיט דיר, וואָס האָסטו זיך אַוועק־געזעצט . . .**

**מייטע:**

(אין כעס אויף רחלען וואָס זי האָט איר איבערגעשלאָגן אין מיטן). **וואָס איז, איך טאָר שוין ניט כאַפּן אַביסל לופט?! ס'איז אַריינגעשריבן אין קאָנטראַקט, אַז איך מוז כסדר ליגן בא די טעפּ? קאַליפאָרניע האָט זיך מיר פאַרוואָלט! אַ שידוך וואַרט דאָ אויף מיר! „ווי אַ קאַקטוס וועל איך מיך צעוואַקסן!" . . .** (לויפט אַריין אין הויז מיט כעס).

**דוד:**

**נו, ווי גייט עס דיר, דאָרט? ביסט גליקלעך? ביסט צופרידן?**

**רחל:**

(מיט אַ זיפֿץ). **איך ווייס ניט וואָס צו זאָגן, דוד. איך בין גליקלעך, איך בין צופרידן. נאָר מיין האַרץ שרעקט זיך מיר. פאַרוואָס, ווייס איך ניט. צי פאַר פרייד, צי . . .**

**דוד:**

**ווערסט זיך צוגעוואוינען, רחל. אַ סך מענטשן זיינען דיר שוין מקנא און נאָך מער, וועלן דיך באַריידן. אַזאַ היים רייסט אויף די אויגן. אָבער, צו וואָס זאָל עס דיך אַרן? ס'איז דיינס. ס'איז אייער האַרעוואַניע. איר האָט בא קיינעם ניט צוגענומען . . . קום, רחל, וועל איך דיר וויזן וואָס פאַר אַ בלומען איך האָב פאַרזייט לעבן טויער.** (שמייכלט אַ צופרידענער). **זיי שפּראָצן שוין. הערסט, רחל, איר וועט האָבן דעם שענסטן גאָרטן אין געגנט!**

**רחל:**

(גייענדיק). **וואָס איז אייער מיינונג וועגן דעם יידישן לעקטשו־רער, מיסטער ערלעך?**

**דוד:**

**אַ וואוילער מענטש. אַ געלערנטער.** (בלייבט שטיין און קוקט אויף איר). **אהא . . . מרים . . . נו, פאַרוואָס ניט. ער האָט גערעדט מיט אייך?**



**רחל:**

**ער האָט זי שטאַרק ליב.**

**דוד:**

**נו, און מרים?**

**רחל:**

**דאָס ווייס איך נאָך ניט.** (זיי גייען ווייטער).

**דוד:**

**נו, מע דאַרף אַ טראַכט טאָן וועגן דעם. דו ווייסט דאָך, רחל, איך האָב ליב צו פלאַנצן בלומען, ליבע און גליק. איך בין ווי אַ קאָך־לעפל — איך האָב ליב צו מישן.** (לאַכט).

ביידע גייען אָפּ. די בינע איז אַ קורצע ווילע ליידיק. פון הויז קומען אַרויס מרים און ערלעך. זי איז זייער אַ שיינע און טראָגט זייער אַ שיין קלייד. זי שמייכלט און איז גוט אויפגעלייגט. גייענדיק זאָגט זי צו אים:

**מרים:**

**איך וועל אייך זאָגן דעם ריינעם אמת, מיסטער ערלעך. איך האָב ניט געוואוסט אַז עס איז פאַראַן אַזאַ זאַך, ווי יידישע מוזיק. מיין מוטער פלעגט אַמאָל זינגען פאַר מיר אַ יידיש לידל, אָבער . . .**

**ערלעך:**

**פאַראַן, מיס קרעמער, און זייער פיינע מוזיק, וועלכע דערהויבט דעם יידישן גייסט און שאַפט פרייד פאַר דער נשמה. די יידישע פאָלקס מוזיק גיט דעם מענטשן פליגל און וועקט די פאַנטאַזיע.** (מיט אַ זיפֿץ). **אונדזער רייכע מוזיק דריקט אויס אַ טיפן, יידישן צער. זי האָט אויך מאָמענטן פון פרייד . . .**

**מרים:**

**בלויז מאָמענטן פון פרייד? . . .**

**ערלעך:**

**ווייל אין אונדזערע טויזנטער יאָרן פון צער און פיין, האָבן מיר בלויז געהאַט מאָמענטן פון פרייד.**

**מרים:**

**און וואו קען מען באַקומען אָט אַ די יידישע מוזיק?**

**ערלעך:**

**אויב איר ווילט, קען איך זי פאַר אייך באַזאָרגן. אויב עס וועט**

ניט זיין קיין צו גרויסער פארלאנג. וואלט איך געבעטן אז איר זאלט מיר דערלויבן זיך צוצוהערן ווען איר וועט די יידישע מוזיק שפילן אויף אייער קלאוויר.

**מרים:**

איר דענקט דא נאך לאנג צו פארבלייבן?

**ערלעך:**

דאס ווייס איך נאך ניט. וואלט איר וועלן אז איך זאל דא פאר־בלייבן?

**מרים:**

איך? (שמייכלט ליבנסווירדיק). איך פארשטיי אייך ניט, מיס־טער ערלעך. עס הייסט, מיך וועט עס ניט ארן. איר קענט דא בלייבן, אזוי לאנג ווי איר ווילט.

**ערלעך:**

ניט דאס האב איך געמיינט.

**מרים:**

(קוקט אויף אים פארוואונדערט). איצט פארשטיי איך אייך . . .

**ערלעך:**

(נעמט איר פארן ארעם). נו, וואס איז אייער ענטפער?

**מרים:**

(באפרייט זיך זייער איידל. מיט א שמייכל). איך האב ניט קיין ענטפער. (גייט אפ עטלעכע טריט). ס'איז אמת, איך שעץ און רעס־פעקטיר אייך. איר זייט א געלערנטער מענטש און אן אינטערעסאנטער מענטש . . . אייער פראגע איז אבער געקומען אזוי, אומדערווארטעט . . . (דערנעענטערט זיך צו אים מיט א שמייכל). דערפאר וועל איך אייך שולדיק בלייבן אן ענטפער . . .

**ערלעך:**

מעג איך ווארטן אויף דעם ענטפער?

**מרים:**

דאס ווייס איך ניט.

(עס דערהערט זיך דוד'ס שטימע. דוד און רחל קומען צוריק. גייענדיק זאגט דוד צו רחלען —

**דוד:**

בלומען, דיינען מיינע קינדער. (זיפצט). יא, מיינע קינדער . . .



**רחל:**

(דערזעט ערלעכן און מרים) און אט איז מיין בלום. (שמייכלט. קומט צו נעענטער).

**דוד:**

יא, און זייער א שיינע בלום. (שמייכלט). העלאו, מרים. העלאו, מיסטער ערלעך!

**ערלעך:**

העלאו, מיסטער קאגאן.

**מרים:**

און איך וויל אייך ניט ענטפערן. היינט בין איך ברוגז אויף אייך. שטארק ברוגז!

**דוד:**

(דערנעענטערט זיך צו זיי מיט א שמייכל). מיט וואס האב איך זיך דאס אזוי פארזינדיקט?

**מרים:**

וואו באהאלט איר זיך היינט א גאנצן טאג?

**דוד:**

(שמייכלט). ווער, איך? אט זעסטו דאך, ווי איך גיי ארום פראנק און פריי צווישן הימל און ערד. ווייסטו וויפל זארג און וויפל מי עס ליגט אין פלאנצן בלומען? דאס איז פונקט ווי געבוירן קינדער. פרעג דיין מאמען, וועט זי דיר זאגן. שפעטער, ווען די צייט וועט קומען, וועסטו אויך וויסן (צו ערלעכן). א, אנטשולדיקט, מיסטער ערלעך, איך בין פארקראכן אביסל צו ווייט. איר ווייסט, אן אלטער מאן איז געגליכן צו א גראגער. נאר ער גראגערט און גראגערט.

מרים, ערלעך און רחל שמייכלען ווי דוד שטייט און רעדט אזוי, הייבן זיי אן אריינגיין אין הויז. ער זעט ווי זיי האבן זיך דערווייטערט, קראצט ער זיך דעם קאפ. ער נעמט ארויס דאס פלעשל און גיט א זופ. לייגט עס צוריק אריין אין קעשענע. ער בלייבט שטיין פארטראכט. ער באמערקט ניט ווי קרעמער איז ארויסגעקומען פון הויז און גייט גלייך צו צו אים. קרעמערס ערשטע ווערטער האבן אים אביסל דער־שראקן.

**קרעמער:**

איר זענט דאך עפעס פון די געלערנטע, פון די חכמים, לאמיר

טאַקע הערן אַ קלוגע עצה. ווי מיין טאַטע עליו השלום פלעגט זאָגן, „אַ גוט פערד דאַרף אַ בייטש און אַ קלוגער מענטשן — אַן עצה״.

**דוד:**

מיין עצה איז, אַז דו זאָלסט ריידן ווי אַ מענטש, אַז כ׳זאָל דיך קענען פאַרשטיין.

**קרעמער:**

(פאַרשעמט). איך רייד טאַקע ווי אַ פערד. (קראַצט זיך אין קאָפּ). ס׳איז פאַר פרייד, דוד. ס׳איז מיר היינט גוט. איך וויל אָבער, אַז עס זאָל מיר זיין נאָך בעסער. איר פאַרשטייט, (ווי אַ סוד) איך וויל היינט ברעכן טעלערס!

**דוד:**

גייט מען אַריין אין קיך און מע צעברעכט די טעלערס. זיי זיינען דיינע. קענסט זיי צעברעכן!

**קרעמער:**

גרויסער חכם! איך מיין ברעכן טעלערס צווישן מיסטער ערלעכן און מרימען· איך וויל עס זאָל זיין אַ שידוך. פילאָזאָף מיינער, איצט פאַרשטייט איר שוין! . . .

**דוד:**

ניט קיין קרומע זאַך. נו, זיי שטימען איין? ער?

**קרעמער:**

(פאַלט אַריין אין די רייד). ער וויל, נאָר זי . . . דאָ, זעט איר, ליגט דער הונט באַגראָבן. דערפאַר קום איך דאָך צו אייך. איר הערט, דוד, דער לעקטשורער איז מיר אַריין מיטביידע פיס אין האַרצן אַריין. אָט אַזאַ איידעם האָב איך מיר אַלעמאָל געוואונטשן צו האָבן. ער איז דאָך אַ זיידענער יונגערמאַן. ער פּאַסט זיך צו מיין מרים׳ל, אמת? . . . דוד, ווי אַזוי מאַכט מען, אַז מע זאָל היינט פראַווען צוויי שמחות מיט איין מאָל — אי דעם חנוכת הבית און אי אַ קנס־מאָל?

**דוד:**

קלמן, אפילו אַ לייב קען זיך דערווערגן ווען ער וויל אַראָפּ־שלינגען אַ צו גרויסן ביסן מיט איין מאָל! וויל ניט צופיל מיטאַמאָל! לויף ניט, קלמן! פלי ניט! היינטיקע צייטן האָט דאָס האַרץ מער צו זאָגן ווי טאַטע־מאַמע. מע קען ניט אַזוי, כאַפּ, לאַפּ, צאַפּ. מרים איז אַ קלוגע, אַן אינטעליגענטע מיידל· אויב איר האַרץ וועט דער־



פילן אַ ליבע צו מיסטער ערלעכן, וועט מען ניט דאַרפן — ניט דייך קאָפּ און ניט מיינעם. דער יונגערמאַן איז דאָ אין הויז און מרים איז אויך דאָ. טאָ וואַרט, קלמן, לאָז זיי מאַכן דאָס געשעפט צווישן זיך אַליין. ס׳איז זייער וועלט! זייער לעבן! . . .

**קרעמער:**

ער וועט דאָך דאָ לאַנג ניט בלייבן.

**דוד:**

אויב ער וועט אָוועקפאָרן, איז אַ סימן אַז ער מעג פאָרן.

**קרעמער:**

אָבער . . .

**דוד:**

קלמן, צוויי יונגע הערצער זיינען ווי אַ קול און אַ ווידער־קול: איינס רופט און דאָס צווייטע ענטפערט. זיי וועלן זיך נעענטער באַ־קאַנען, וועלן זיי זיך פאַרשטיין. דאַן, וועלן זיי אָן מיין עצה, דיר אָנזאָגן אַז דו מעגסט ברעכן טעלערס. אפילו שיסלען אויך! . . .

פון דער רעכטער זייט קומט אַן פּראָפעסאר טשאַרלס ברין. ער איז אַ הויכער, שיינער יונגערמאַן פון קריסטלעכן אויסזען· ער איז זייער שיין געקליידעט און האָט זייער פיינע מאַניערן. זיין דערשיינען רייסט איבער זייער ריידן.

**טשאַרלס:**

„גוד איוונינג, דזשענטלמען!״

**דוד:**

(גייט אַנטקעגן דעם פּראָפעסאר מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט). העלאָו, פּראָפעסאר ברין!

**קרעמער:**

(דערלאַנגט אים אויך די האַנט). פאַרוואָס איז דער „טיטשער״ אַזוי שפּעט?

**טשאַרלס:**

מיינער אַן אַלטער לערער איז צו מיר געקומען אומדערוואַרטעט. (מיט אַ שמייכל). האָבן מיר זיך פאַררעדט, דעריבער האָב איך זיך פאַרשפּעטיקט. איך האָף אַז איר וועט מיר פאַרגעבן . . .

**קרעמער:**

(גוט ברודעריש). „יעס סער, מיסטער פּראָפעסאָר!״ קומט אַריין אין הויז. אַלע זיינען דאָ.

**דוד :**

איר זייט זייער וועלקאַמען, הער פּראָפעסאָר. מיסטער קרעמער לאַדט אייך איין אין הויז אַריין.

**טשאַרלס :**

אַ דאַנק. אַ גרויסן דאַנק. יידן זיינען אַלעמאָל געווען גאַסטפריינטלעך. דער אַלטער פּאַטריאַרך אברהם האָט געוויזן דעם ערשטן ביישפּיל. איך האָב זייער ליב די יידן.

**דוד :**

איר האָט אויך ליב די יידן, הער פּראָפעסאָר ? . . .

**מרים :**

(קומט אַרויס און רופט). פּאַפּאַ, די מאַמע בעט דיך . . . (זי דערזעט ברינען, בלייבט זי אָן אָטעם). אָ, טש . . . (זי כאַפּט זיך גלייך צוריק. מיט מער רעספּעקט). „גוד עפטערנון", פּראָפּעסאר ברין, וועלקאָם אין אָוער ניו האָם !" (שמייכלענדיק קומט זי אַרונטער אין גאָרטן).

**טשאַרלס :**

(מיט אַ ליבלעכן שמייכל). „גוד עפטערנון, מיס קרעמער".

**קרעמער :**

נו, אויף וואָס וואַרט איר, מיסטער פּראָפּעסאָר ? לאָמיר אַריינגיין אין הויז, מאַכן אַ לחיים און צובייסן מיט אַ גוט שטיקעלע „טוירקי". מרימ'ל, טאָכטער מיינע, שלעפּ אַריין דעם „טיטשער" דיינעם אין שטוב אַריין. זאָל ער זיך פילן ווי בא זיך אין דער היים !

**מרים :**

(פילט זיך פריקרע פון פאָטערס פּראָסטקייט). מירן באַלד אַריינקומען, פּאַפּאַ !

**דוד :**

(גיט אַ צי קרעמערן פאַרן אַרבל. שטילערהייט). קום שוין, שלעפּער. (ביידע גייען צום הויז). אַ מענטשן שלעפּט מען ניט. מען בעט אַ מענטש. (צום פּראָפּעסאר). „עקסקיוז מי".

**קרעמער :**

(שטילערהייט צו דודן). וואָס, כ'האָב שלעכטס געזאָגט ?

**דוד :**

(שוין בא דער טיר). פּערל פון פינף און צען סענט „סטאָר". (ביידע אָפּ).



**מרים :**

איך בעט דיך, טשאַרלס, פאַרגיב מיין פאָטער פאַר זיין ניט אידעלן אויסדרוק. ער מיינט גוט. ער איז אַ פּשוטער מענטש אָבער אַ האַרץ, האָט ער, גרויס ווי די זון.

**טשאַרלס :**

(מיט אַ ליבלעכן שמייכל). אַז ניט, וואָלט ער ניט פאַרמאָגט אַזאַ טאָכטער.

**מרים :**

איך בין שוין געווען פאַרזאָרגט וואָס דו ביסט ניט געקומען אין צייט. איך האָב שוין ניט געוואוסט וואָס איבערצוקלערן. (פירט אים צו אַ באַנק). צו אַלע פענצטער בין איך געלאָפן זען צי דו קומסט. (ביידע זעצן זיך). יעדער ווײַלע בין איך אַרויסגעלאָפן זען צי דו ביסט שוין דאָ . . . טשאַרלס, מיין האַרץ שרעקט מיך . . . דענקסטו אַז . . . (זי איז מיטאַמאָל שטיל געבליבן).

**טשאַרלס :**

(קוקט איר אין פּנים אַריין). פאַרוואָס ביסטו שטיל געבליבן ? . . . (נעמט אירע הענט אין זיינע). דו ווייסט אַז איך האָב דיך ליב. „דאַרלינג", מיר האָבן זיך פאַר קיינעם און פאַר קיין זאַך ניט וואָס צו שרעקן. ס'איז אונדזער לעבן און מיר האָבן אַ רעכט עס אַזוי איינצואָרדענען, ווי אונדזערע געפילן דיקטירן אונדז.

**מרים :**

אָבער . . .

**טשאַרלס :**

(פאַלט אַריין אין די רייד). יאָ, איך ווייס וועגן וואָס דו טראַכסט, מרים — „די וואַנט" ! (שמייכלט). קוק אויף מיר, „דאַרלינג" ! (זי הייבט אויף דעם קאָפּ צו אים). אַמאָל, מיט יאָרן צוריק, ניט צוליב אונדזער שולד, בין איך געשטאַנען אויף איין זייט פלויט און דו, אויף דער צווייטער זייט. די וואַנט האָט אונדז איינגעטיילט אין באַזונדערע לאַגערן. דעמאָלט זיינען די מענטשן געווען נאַריש און אָבערגלויבעריש. אָבער אין אַמעריקע, ווערט די וואַנט פון זיך אַליין צעפאַלן . . . (שטיל אַ ווײַלע). ווידער, אונדזער רעכט צום לעבן און געניסן פונם לעבן איז שטאַרקער פון דער אַלטער וואַנט.

**מרים :**

(מיט געבעט. ווייזט אויפן הויז). יאָ, זיי אָבער . . .

**טשאַרלס:**

זיי וועלן דאָס מוזן פריער אָדער שפּעטער אַקצעפּטירן . . . (שטעלט זיך אויף). סיידן, דיין מורא איז שטאַרקער פון דיינע געפילן . . . (נעמט איר פאַר דער האַנט). קום, מיין טייערע, לאָמיר זאָגן דיינע עלטערן . . .

**מרים:**

(דערשראָקן). ניין! ניט היינט! ניט איצט! לאָמיר נאָך צוּוואַרטן!

**טשאַרלס:**

אויף ווען און צו וואָס וואַרטן?! . . . (עס הייבט אָן ווערן טונקעלער)·

**מרים:**

ניט היינט, טייערער. מירן שוין געפינען די פּאַסיקע געלעגנהייט.

**טשאַרלס:**

אויב דו ביסט ניט מוטיק גענוג, וועל איך ריידן מיט זיי. איך בין זיכער אַז זיי וועלן מיך גרינגלעך פאַרשטיין. נאַטירלעך, אויב זיי ווילן דיך זען אַ גליקלעכע . . .

**מרים:**

זיי ווילן, טשאַרלס. אין דעם בין איך זיכער. זייער איינציקער שטרעבן איז, מיך צו זען אַ גליקלעכע. (אין אַ טרויעריקן געמיט). זיי האָבן, אָבער, דערוואַרטעט עפּעס אַנדערש. (הייבט אויף דעם קאָפּ). ערשט ניט לאַנג צוריק האָט . . .

**טשאַרלס:**

(דערשראָקן. פאַלט אַריין אין די רייד). וואָס האָט פּאַסירט ערשט ניט לאַנג? . . .

**מרים:**

אַן אַנדערער. זיי ווילן איך זאָל זיך פאַרבינדן מיט איינעם פון אונדזערע.

עס ווערט טונקעלער. דוד קומט אַרויס פון הויז. ער דערזעט זיי אין דער פּאַוזע, בלייבט ער שטיין אַ דערשראָקענער. ער קומט באַלד צו זיך. גייט אָפּ אין אַ ווינקל זען וואָס דאָ וועט פאָרקומען. זיי באַמערקן אים ניט.

**טשאַרלס:**

(דערשטוינט)· פאַרבינדן זיך מיט אַן אַנדערן?! . . . (אין כעס).



קיינער וועט דיך ניט אַוועקרייבן פון מיר! קום, איך וויל איצט ריידן מיט דיינע עלטערן!

**מרים:**

(מיט געבעט. נעמט אים אונטערן אָרעם). ניט איצט, טשאַרלס. עס זיינען דאָרט פאַראַן אַזויפיל געסט . . . קום איצט אַוועק פון דאַנען. לאָמיר ניט צעשטערן זייער היינטיקע פרייד.

**טשאַרלס:**

(קוקט איר גלייך אין פּנים אַריין). פאַרוואָס זאָלן מיר האַנדלען ווי פייגלינגען? פאַרוואָס ניט קוקן דעם אמת אין פּנים אַריין? איז דען ניט בעסער צו קומען צו דיינע עלטערן און דערקלערן זיי, אַז מיר האָבן באַשלאָסן צו ווערן מאַן און ווייב? . . .

**מרים:**

(ציט אים פאַרן אָרעם. מיט געבעט). מיר וועלן דאָס טאָן, טשאַרלס. מיר וועלן אַזוי האַנדלען. אָבער ניט היינט. קום איצט אַוועק פון דאַנען. איך בעט דיך . . .

ביידע גייען אָפּ פון דער רעכטער זייט. דוד קומט אַרונטער פון די טרעפּ אין גאָרטן אַריין. ער איז זייער באַטריבט. ער קוקט זיי נאָך און זיפצט. ער איז אומרואיק. מיטאַמאָל הייבט ער אָן זינגען דעם מאָטיוו פון „אַ חלום, אַ חלום האָט זיך מיר געחלומט“ מיט זייער אַ טרויעריקן געמיט. עס ווערט טונקעלער. פון הויז הערט זיך אָפּגעריסענע קלאַנגען פון אַ יידיש ליד. דער גאָרטן הייבט אָן ווערן באַלויכטן פון דער לבנה און פון די לאָמפּן פון הויז. דוד גייט אָפּ אין דער ריכטונג וואו מרים און טשארלס זיינען אַוועק. נאָך אַ קורצער פּאַוזע קומט רחל אַרויס פון הויז רופנדיק:

**רחל:**

מירמ׳ל! פּראָפעסאָר! (אַז זי זעט די ניט, רופט זי העכער). מרימ׳ל! מרימ׳ל! . . .

קרעמער קומט אַרויס זייער מונטער און פריילעך. ער מורמלט דעם מאָטיוו פון דעם ליד וואָס מ׳האָט געהערט פון הויז.

**קרעמער:**

נו, וואו זיינען זיי, רחל?

**רחל:**

וואָס פרעגסטו מיך? האָסט דאָך געזאָגט אַז דו האָסט זיי איבערגעלאָזן אין גאָרטן.

קרעמער:
„שורז״ וואס זשע, מיינסט אז איך בין שיכור? כ׳האב גארנישט אזויפיל געטרונקען.

רחל:
(וויל זיך אליין בארואיקן). זי האט אוודאי גענומען איר פראפעסאר צו די בלומען. (מיט א זיפץ). אוי, גאטעניו, מיין גליק זאל נאר ניט צעשטערט ווערן.

קרעמער:
(מיט פרייד). ס׳וועט ניט, רחל. ס׳וועט ניט! איך האב באצאלט מיט „קעש מאני״ פאר עווערי־טינג! ס׳איז אונדזערס, רחל! אונדזערס! די בלומען, דיביימער, דאס הויז מיט די פופצן „רומס״, מיטן „דאבל גאראדזש״, מיט דער פאטיא און די „ארענדזשעס״ און אלץ. האסט זיך פארגעשטעלט, רחל, אז קארל דער פרוכט פעדלער וועט אויפשטיין אין דער פרי, וועט ער טרינקען ארענדזש־דזשוס פון זיין אייגענעם גארטן? . . . האאא?! . . . איי וועלן מיר דא מאכן סטייקס מיט „טשיקנס״ אויף דער „בארבעקיו״! איי וועלן מיר דא א לעב טאן, אז די וועלט וועט צעזעצט ווערן. (ער גיט איר א קיצל אין א זייט). וואס זאגסטו, רחל? . . . (הייבט אן זינגען). „אטשי טשארניע״ . . .

רחל:
הער אויף, קלמן, ביסט דאך טאקע שיכור.

קרעמער:
(גיט א טאנץ און א שפרונג). ס׳איז מיר היינט גוט אויפן הארצן! (גיט איר א קוש אין באק און צעלאכט זיך).

רחל:
(מיט א שמייכל). הער אויף, קלמן. שעם זיך כאטש פאר דער לבנה מיט די שטערן. (גיט אים א לייכטן שטופ פון זיך).

קרעמער:
רבונו של עולם! קיין פרעמדע ווייבלעך טאר איך ניט קושן און דיך לאזסטו אויך ניט? גזלן, לאזסט דאך ניט לעבן אויף דער וועלט!

רחל:
הער אויף ריידן נארישקייטן.

קרעמער:
איי, מ׳קען לעבן, נאר מע לאזט ניט!



רחל:
(האלט אין איין קוקן אין דער ווייטקייט אריין). וואו קענען זיי זיין?

קרעמער:
איך וויל פארשטעלן דעם פראפעסאר פאר די געסט. זאלן זיי זען אז מיין מרים׳ס קאלעדזש פראפעסאר אין א גאנצער מחותן בא מיר אין הויז. זאלן זיי וויסן ווער די קרעמערס זיינען. (רופט). מרים! מיסטער פראפעסאר! מרים!

רחל:
שטילער, קלמן! די קריסטלעכע שכנים קענען נאך דערהערן. דא איז ניט שיין צו שרייען!

קרעמער:
ניט שיין! ניט שיין! איך טאר שוין ניט עפענען דאס מויל! אלרייט, וועל איך רופן שטילער. (אויף שפאס, רוימט איין רחלען א סוד)׳ מרים. מיסטער פראפעסאר. (העכער צו רחלען). אזוי איז גוט? (לאכט.׳ שרייט הויך). מרים! מיסטער פראפעסאר!

דוד:
(קומט אן מיט מרים׳ען). וואס שרייסטו, קלמן?

קרעמער:
(פארוואונדערט). און וואו איז דער . . .

דוד:
ער האט געדארפט אוועקגיין. ער האט געבעטן אז דו זאלסט אים אנטשולדיקן.

רחל:
א שאד. ער האט דאך גארנישט פארזוכט. אפילו . . .

דוד:
ס׳ווערט קיל אין דרויסן. גייט בעסער אין הויז אריין. מרים וועט שפילן אויף דער פיאנע . . . גייט. ניט שיין צו לאזן די געסט אליין.

רחל:
(צו מרימען). קום, מיין קינד. נו, מילא, וועלן מיר אים איינלאדן אן אנדערש מאל.

**קרעמער:**

**אוודאי, אוודאי וועלן מיר אים איינלאַדן. „שור״! אַזאַ מענטש איז אַ כבוד . . .**

אַלע הייבן אָן אַריינגיין אין הויז. דוד בלייבט הינטערשטעליק. ער גיט אַ טרונק אַביסל בראַנפן. מורמלט דעם מאָטיוו פון „אַ חלום, אַ חלום . . .״ ער קוקט די נאָך מיט באַדויערן. קרעמער זעט ווי דוד איז געבליבן גיט ער מאַך מיט דער האַנט און אַ געשריי צו אים: „דוד!!!״ (דוד גיט אַ ציטער ווי עמיץ וואָלט אים אויפגעוועקט. הייבט אָן זינגען העכער: „האָט זיך מיר געחלומט, אַ חלום, וואָס וועט ברענגען ניט קיין גוטס. אַ חלום וואָס וועט ברענגען ניט קיין גוטס״. ווען ער איז שוין בײַ דער טיר, הייבט אָן ווערן נאָך מער פינצטער. דער פאָרהאַנג לאָזט זיך אַרונטער פּאַמעלעך אויף אַ קורצער ווייל, אָנדייטנדיק אויף אַ שעה שפּעטער.

**סוף פון ערשטן בילד**



## צווייט בילד

די זעלבע סצענע. דער זעלבער גאָרטן, נאָר מיט איין שעה שפּעטער. אין הויז איז שוין שטיל. כמעט אַלע געסט זײַנען שוין אַהיים געגאַנגען. די ליכט פון הויז זעט זיך נאָך. זי באַלייכט דעם אינדרויסן. די לבֿנה־שײַן גיט אויך צו ליכטיקייט און קלאָר. די בינע איז ליידיק אַ קורצע ווייל, כדי אַרײַנצוברענגען דעם צושויער אין אַ שטימונג פון נאַכט.

עס קומען אַרויס פון הויז מיסטער שאַרף און מיסטער שנייד, אָנגעטאָן אין זייערע היט. זיי גייען אויך אַהיים. מיסטער שאַרף איז, ווי געוויינטלעך, אויפגערעגט.

**מר. שאַרף:**

**אַ וועלט! אַ וועלטעלע, זאָג איך אײַך! מע כאַפּט! מע שפּילט זיך אין כאַפּעלעך. איי, ס׳איז ניט דײַנס, די גאַנצע וועלט ווייסט אַז ס׳איז יענעמס, אָבער מע כאַפּט! מען קערט ניט! אַבי מע כאַפּט. ניין . . . אַ מיאוסע וועלט, זאָג איך אײַך. זייער ניט שיין . . .**

**מר. שנייד:**

**וואָס איז דער מער, מיסטער שאַרף, איר האָט אַ מאַרטגיידזש אויף מר. ערלעכן?**

**מר. שאַרף:**

**אַז איך וויל, קען איך זאָגן אַז איך האָב דעם ערשטן און דעם צווייטן און דעם דריטן מאַרטגיידזש אויף אים. איר ווייסט פאַרוואָס? ווייל איך האָב אים אימפּאָרטירט פאַר די דרײַ לעקטשורס. איך האָב זיך דרײַ מאָנאַטן מיט אים געדונגען איבער דעם פּרײַז. איך האָב אים אָפּגעוואָרט אויפן סטיישאַן. איך האָב אים אַרײַנגענומען צו מיר אין הויז און געגעבן אַ בעט און עסן און טרינקען. פון שענסטן און פון בעסטן האָב איך אים געגעבן! איך און איך און נאָר איך אַליין. זאָגט מיר, האָט עמיץ פון די „מעמבערס״ אַרײַנגעטאָן אַ האַנט אין קאַלט וואַסער אַרײַן פאַר מיסטער ערלעכן? האָט עמיץ אַנדערש זיך „גע־**

באדערט״ מיט אים? נייןֿ! איר שווייגט ווי יורקעס הונט! איר קאָנט מיר ניט ענטפערן אויף דעם. איצט קומט מען צום פּאַרטיקן און מען פאַרכאַפּט . . .

**מר. שנייד:**

אַז אייער טאָכטער וואָלט געפעלן מיסטער ערלעכן, וואָלט . . .

**מר. שאַרף:**

(פאַלט אַריין אין די רייד). יאָ געפעלן, צי ניט געפעלן, אָבער טרייען האָט זי דאָך געמעגט!

**מר. שנייד:**

אפשר איז אַזוי באַשערט, מיסטער שאַרף?

**מר. שאַרף:**

באַשערט צי באַגאַלט — איך גלויב ניט אין די אַלע באָבע־מעשות! ווען מען „טרייעט" קען עפּעס אַרויסקומען! מיין אָרעם קינד נעבעך. מע האָט דאָך איר אפילו ניט געגעבן קיין „טשענס" צו טרייען! מע האָט דאָך איר אפילו ניט געלאָזט אָנווארעמען זיך בא אים. פון אונטער די הענט האָט מען אים אויסגעכאַפּט! ניט שיין, זאָג איך אייך! פּעעע!

**מר. שנייד:**

דערווייל איז נאָך גאָרנישט. מע ווייסט ניט, צי ס'וועט עפּעס אַרויסקומען צווישן זיי און איר קאָכט זיך שוין . . .

**מר. שאַרף:**

ס'וועט ווערן! ס'וועט ווערן. קלמן דער פּעדלערוק וועט זיך לאָזן קאָסטן „פּלענטי". ווי אויף אָט דעם הויז, האָט ער אויסגעגעבן אַ פאַר־מעגן. איר מיינט אַז איך ווייס ניט? ער וועט אים צוזאָגן דאָס טעלערל פון הימל. אָן אָרעמער באַי איז ער נעבעך, דער לעקטשורער, און דאָס מיידל איז ניט קיין מיאוסע אויך, וועט ער זיך אָנכאַפּן מיט ביידע הענט! איי דאַרף איך זיך אַליין אָנפּאַטשן! איי בין איך ווערט קלעפּ. וואָס האָט מיך דער גוטער יאָר געטראָגן אהער מיטן לעקטשורער? איך האָב געקענט אַהערקומען צו קרעמערן נאָכן „דאָנייישאָן" און מיסטער ערלעכן האַלטן בא זיך אין דער היים, אַז מיין נחמה זאָל זיך אים שווינדלען פאַר די אויגן. ער זאָל האַלטן אין איין קוקן אויף איר. איי האָב איך קיין שכל ניט. איי בין איך ווערט דעם שטעקן!

**מר. שנייד:**

פאָרן מיר אַהיים, צי איר פארקאטשעט זיך דאָ צו נעכטיקן? עס



איז דאָך שוין שפּעט. אַלע זיינען זיך שוין פאַנאַנדערגעגאַנגען!

**מר. שאַרף:**

מיר פאָרן! מיר פאָרן! איי פאָר איך איצט! (קראַצט זיך אין קאָפּ). איי האָב איך דאָס אָפּגעאַרבעט! איי האָב איך „געפּיקסט" מיין איי־גענע טאָכטער. איך האָב זי ריכטיק „געפּיקסט". ווי נאָר זי האָט דערזען דעם לעקטשורער, איז זי נעבעך פאַרגליווערט געוואָרן. איצט וועט זי נעבעך פארפרוירן ווערן!

**מר. שנייד:**

איר גייט, צי ניט? מיר האָבן דאָך שוין געזאָגט אַ גוטע נאַכט. עס פּאַסט דאָך ניט צו שטיין דאָ. טאָמער קומט עמיצער אַרויס.

**מר. שאַרף:**

איך גיי! איך גיי! איך קען דען אַהיימגיין? איך האָב דען אַ היים?...

זיין ריידן ווערט איבערגעריסן. קלמן קרעמער און צבי ערלעך קומען אַרויס פון הויז. ערלעך טראָגט אַ וואַליז אין דער האַנט. ביידע זיינען פאַרטרויערט. ווי נאָר שאַרף און שנייד דערזעען דאָס, בלייבן זיי שטיין פאַרגאַפּט.

**קרעמער:**

אָבער, איך זע ניט אײַן פאַרוואָס איר זאָלט צוריקפאָרן אין שטאָט אַריין. עס פעלט אייך חלילה עפּעס בא מיר, מיסטער ערלעך?

**ערלעך:**

איך דאַנק אייך זייער, מיסטער קרעמער. איך האָב זיך באַרעכנט, אַז עס איז בעסער אַז איך זאָל בלייבן וואוינען אין שטאָט. איך וועל זיין בא מיסטער שאַרפן ביז איך וועל אַוועקפאָרן.

**מר. שאַרף:**

(גיט אַ כאַפּ די וואַליזע פון ערלעכס האַנט מיט פרייד. די וואַ־ליזע איז שווער. ער גיט אַ זאָג). מיסטער ערלעך האָט בא מיר די שענסטע „רום"! אמת, מיסטער ערלעך? . . .

**ערלעך:**

(גיט קרעמערן די האַנט). אַ גוטע נאַכט, מיסטער קרעמער. (קרעמער דריקט אים די האַנט). אַ האַרציקן דאַנק פאַר אַלץ.

**קרעמער:**

(טרויעריק). איר טוט מיר וויי, מיסטער ערלעך. מיין ווייב האָט עגמת־נפש . . .

**ערלעך:**

איך האָף, אַז איר וועט מיך פאַרשטיין, מיסטער קרעמער. (הייבט אָן גיין).

**קרעמער:**

זי וועט זאָגן יאָ! איך גאַראַנטיר אייך.

**ערלעך:**

(שמייכלט מיט פאַרדרוס). צווינגען קען מען ניט און מע דאַרף ניט צווינגען. דאָס וועל איך אייך יאָ זאָגן: אייער טאָכטער איז אַ כבוד און אַ שטאָלץ פאַר טאַטע־מאַמע. איך ווינטש אייך, אַז איר זאָלט האָבן פיל נחת פון איר. אַ גוטע נאַכט. (גייט אָפּ).

**קרעמער:**

וועל איך אייך נאָך קאָנען זען, איידער איר פאָרט אַוועק?

**ערלעך:**

(שוין פון ווייטנס). איך האָף אַזוי. אַ גוטע נאַכט. (אָפּ).

**מר. שאַרף:**

(לויפט אים נאָך מיט דער שווערער וואליז און שרייט): קריכט אַריין אין דער גרינער קאַר! דאָס איז מיין ביואיק! (דרייט זיך אויס צו קרעמערן וואָס שטייט פאַרטרויערט). „גוד נייט", מיסטער קרעמער! עס איז געווען „סאָם פאַרטי"! (פאַרשווינדט אַ צופרידענער).

**מר. שנייד:**

(שטילערהייט צו קרעמערן). ניט געדאַרפט געווען אַוועקלאָזן. אַ גרויסער „מיסטייק"! „גוד נייט"

מיסטער שנייד לויפט שנעל אַרויס. קרעמער בלייבט שטיין מיט אַ געבויגענעם קאָפּ. טרויעריק. דוד קומט אָן פון דער לינקער זייט. ער גייט גלייך צו קרעמערן. קרעמער קומט אים אַנטקעגן.

**קרעמער:**

נו, דוד? . . . מיינע פּלענער . . . מיינע האָפענונגען . . . (זיפצט).

**דוד:**

כ'ווייס, כ'ווייס. כ'האָב אַלץ געזען. קלמן, מ'זאָגט ניט האָפּ, איידער מע שפּרינגט ניט אַראָפּ.

**קרעמער:**

פאַרוואָס האָט זי זיך איינגעשפּאַרט? פאַרוואָס זאָגט זי גאָרנישט?



**דוד:**

אפשר האָט זי ניט וואָס צו זאָגן, גלאַט ריידן, אין דער וועלט אַריין?

**קרעמער:**

אַזעלכע „באָיעס", דוד, וואַקסן ניט אויף קייןביימער.

**דוד:**

וואַקסן זיי אויף דער ערד. ערגעץ וואַקסן זיי. צוריקגעשמועסט, האָט זי דען געזאָגט ניין? וואָס קאָכסטו זיך? שוין גייסטו אַרום אָן אַ קאָפּ.

**קרעמער:**

וואָס טויג מיר, אַז זי האָט ניט געזאָגט ניין, אַז זי האָט אָבער אויך ניט געזאָגט יאָ. אַ פול מויל מיט וואָסער האָט זי אָנגענומען. ער האָט גערעדט צו איר, געשמייכלט און זי האָט זיך אָפּגעקערט פון אים און אַנטלאָפן צו זיך אין „רום". פאַרוואָס? . . .

**מייטע:**

(גיט אַ קום אַרויס). גיי נאָר אַריין, קלמן. דיין רחל דאַרף דיך האָבן!

**קרעמער:**

(אין כעס). מע האָט מיך שוין געהאַט! שוין געהאַט! . . .

**מייטע:**

חכמה זיך ניט מיט מיר. ווייל קיין צו גרויסער חכם ביסטו אויך ניט. און איך האָב ניט קיין כוח צו דיר! זי האָט מיך געשיקט רופן, בין איך געגאַנגען. זי האָט מיך געהייסן דיר זאָגן אַז זי דאַרף דיך האָבן, האָב איך דיר געזאָגט. ווילסטו גיין, גיי! ווילסטו ניט — דאַרף מען ניט. איך בין שוין סיי ווי אָן כוחות. (ציט אַריין די לופט). איי אַ מחיה, אַזאַ טייערע לופט. איך דערלעב אפילו ניט אַ שמעק טאָן פון איר.

**קרעמער:**

ווער לאָזט דיך ניט?!

**מייטע:**

גוואַלד, יידישע קינדער! אַז איך וועל מיך אָפּרייסן אויף דעם קאָזין מיינעם, וועט ער ניט וויסן פון וואַנען עס איז אים געקומען. (גייט נענטער צו קרעמערן). ווען קען איך שמעקן פון דער לופט, אַז איך שטיי בא די טעפּ?! גיי, גיי גיב אַ קוק וואָס עס טוט זיך

אין „סינק“! איך האָב נאָך היינט איבערצואוואַשן אַ „קרעקערי סטאָר מיט דישעס“! איך בין דאָך בײַ דיר געוואָרן „טשיף קוק און דיש־וואַשער“!

**קרעמער:**

(אַריינגייענדיק אין הויז). כ׳האָב שוין געהערט! שוין געהערט! (אָפּ).

**מיימע:**

(שרייט אים נאָך). איך וויל אַז זאָלסט עס נאָכאַמאָל הערן! (צו דודן.) ער איז נאָך גערעכט. (טרויעריק. ווישט די אויגן מיטן פאַרטעך). „ווי אַ קעקטוס וועל איך זיך צעוואַקסן!“ אָך און וויי צו מיינע יאָרן! . . . מיך אַזוי אָפּצונאַרן. מיך אַזוי צו פאַרפירן . . . (פאַרקרימט זיך, זי זעט ווי דוד שטייט און שמייכלט). וואָס האָט איר אַנגעשטעלט אַ פּאָר אויגן? . . . (גיט אַ מאַך מיט דער האַנט). איר זייט ניט בעסער פון זיי. (גיט אַ לויף אַריין אין הויז אַריין).

דוד צעלאַכט זיך הויך אויפן קול. ער האַלט זיך אַזש בײַ די זייטן. אין דער צייט קומט אַן פון דער רעכטער זייט מרים. זי טראָגט אַן אויבערמאַנטל און אַן אַנדער קלייד. זי איז אומגעדולדיק און קוקט זיך אַרום פון אַלע זייטן. זי דערזעט דודן. ער דערזעט זי אויך. ביידע בלייבן דערשראָקן אויף זייערע פּלעצער. נאָך אַ קורצער פּאַוזע, לאָזט זי זיך גיין אין דער לינקער זייט, ווי עפּעס אַ גנב, וואָס טראָגט פאַר־באָטענע סחורה.

**דוד:**

(אין אַ שטילן טאָן). מרים. (זי דערשרעקט זיך און בלייבט שטיין). וואוהין אַזוי שפּעט?

**מרים:**

(מיט געבעט). פאַרוואָס היט איר מיך? פאַרוואָס לאָזט איר מיך ניט גיין מיין וועג?

**דוד:**

(דערנעענטערט זיך צו איר). ווייל ס׳איז ניט דער גלייכער וועג, מיין קינד. (עס איז שטיל אַ ווײַלע). ער וואַרט אויף דיר. איך האָב אים געזען אַרומגיין לעבן טויער.

**מרים:**

(אומרואיק). ווער? . . . פון וועמען רעדט איר? . . .



**דוד:**

(שמייכלט). קום אַהער, לאָמיר זיך דאָ אַוועקזעצן, אויף אַ ווײַל. אָט אַזוי, ווי מיר פלעגן עס טאָן, ווען דו ביסט געווען אַ קליינינקע. קום.

**מרים:**

איך האָב איצט ניט קיין געדולד צו זיצן. איך וויל איצט בעסער שפּאַצירן.

**דוד:**

ס׳איז ניט אמת. פּראָפעסאָר ברין וואַרט אויף דיר. איר האָט ביידע אָפּגערעדט צו טרעפן זיך, ווען מיר וועלן גיין שלאָפן.

**מרים:**

(פאַלט אַריין אין די רייד). מיר האָבן גאָרניט באַשלאָסן.

**דוד:**

(טרויעריק). דיינע טאַטע־מאַמע וועלן דאָס ניט איבערלעבן.

**מרים:**

איך בין באַרעכטיקט צו מיין אייגן גליק.

**דוד:**

אמת, קינד מיינס. אָבער צוויי פרעמדע הערצער.

**מרים:**

(פאַרוואונדערט). איר, דוד? . . . איר, דער ראַציאָנאַלער, דער מאָדערנער, דער קלוגער, דער וואָס האָט אַזויפיל געלייענט, געלערנט און מיטגעמאַכט, איר זאָגט פרעמדע הערצער?

**דוד:**

(מיט אַ זיפץ). אָט דערפאַר, זאָג איך דיר טאַקע — פרעמדע דורך טויזנטער יאָרן. געדענקסט, ווי איך האָב דיר אַמאָל דערציילט וועגן מיינע צוויי קינדער? עס איז מיר שווער צו ריידן וועגן דעם. דערפאַר בעט איך דיך, זאָלסט עס ניט טאָן, ביז דו וועסט זיך ניט אָפּגעבן אַ חשבון. פאַרגעס ניט, אַז דו ביסט קלמן און רחל׳ס טאָכ־טער — אַ יידיש קינד. דו הערסט — דו ביסט אַ יידיש קינד!

**מרים:**

זאָגט מיר, דוד, וואו האָט איר אַ בעסערן ייד, ווי פּראָפעסאָר טשאַרלס ברין? אדרבה, זאָגט!

**דוד:**

איי, מרימ'ל, ביסט נאך אלץ יענע קליינע מיידעלע וואס פלעגט רייטן אויף מיין רוקן. (זיפצט. גיט א וויש אן אויג מיט א פינגער). דו קענסט גארניט באגרייפן, מיין קינד, וויפל פרייד און גליק דו וואלסט פארשאפט דיינע טאטע־מאמע, אויף די עלטערע יארן . . . (ווי צו זיך אליין). מיסטער ערלעך וואלט געווען א שטאלץ פאר דער שטאט און א פרייד פאר טאטע־מאמע. (ער קוקט אויף איר. זי שטייט מיט אן אראפגעלאזענעם קאפ). אזא מענטשן איז ווייט צו זוכן . . . זעסט, איך האב געשטרעבט צו זיין אזא מענטש, ווי מיסטער ערלעך. (גיט א מאך מיט דער האנט ווי א רעזיגנירטער).

**מרים:**

מיסטער ערלעך איז טאקע א גרויסער מענטש. איך רעספעקטיר אים. אבער, (הייבט די אקסלען) איך בין ניט פארליבט אין אים.

**דוד:**

גייסטו צו פראפעסאר ברין,ווערסטו אינגאנצן דערוויטערט . . .

**מרים:**

(פאלט אריין אין די רייד). איך גיי ניט בייטן מיין גלויבן, דוד. טשארלס און איך פארשטייען זיך. מיר זיינען מאדערנע מענטשן!

**דוד:**

הע, הע. אבער מענטשן קענען זיך אפנארן. אויך מאדערנע מענטשן מאכן טעותן. ווילסטו מיר איינריידן, אז נאר איר צוויי, בלויז צוויי מענטשן זיינען אימשטאנד אפצוראמען אלע דערנער וואס זיינען אנגעוואקסן זייט טויזנטער יארן? ניין, מרים. דעם זעלבן טעות האב איך געמאכט אין מיינע יונגע יארן . . . מרים, איר גייט ביידע באגיין די גרעסטע נארישקייט. בעסער געזאגט, דעם גרעסטן פאר־ברעכן. ער קעגן זיינע מענטשן און דו קעגן דיינע. דו ווייסט זייער גוט, אז אפילו שטומע בלומען, וואס קאנען ניט ריידן און טראכטן, לאזן זיך אויך ניט אזוי לייכט איבערפלאנצן. זיי ווערן וועלקן אין פרעמדע קלימאטן . . . קלמן און רחל קרעמער, וואס האבן דאס גליק צו זיין דיינע עלטערן, וועלן דאס ניט קענען אראפשלינגען. דו וועסט זיי חלילה אומברענגען.

**מרים:**

אויב מיינע עלטערן ווילן מיך זען א גליקלעכע, דארפן זיי זיך



ניט רעכענען מיט אזעלכע נארישקייטן. (זי זעצט זיך אוועק לעבן אים). דוד, איך הער אלעמאל ווי דער טאטע זאגט, „א ייד, א קריסט — אבי א מענטש". איך גלויב אז דער טאטע איז גערעכט. אט, גיט א קוק, פסח עסן מיר ברויט, די מאמע מאכט אלעמאל בייקאן און אייער. אין טעמפל גייען זיי בלויז איין מאל א יאר. „קריסטמעס" שטעלן זיי ארויס א „קריסטמעס בוים" . . . טשארלס פירט זיך אויף פונקט ווי מיר . . . איך זע ניט קיין אונטערשייד צווישן א ייד און א קריסט.

**דוד:**

(פאלט אריין אין די רייד). וואס האט א „קריסטמעס בוים" צו טאן מיט חתונה האבן? מיט קינדער האבן, מיט בויען א פאמיליע? א „קריסטמעס בוים" איז פאר די שכנים, און חתונה האבן איז פאר זיך . . . (ער איז שטיל. זי זיצט מיט אן אראפגעלאזענעם קאפ). מרים, דער וואס זוכט גליק צווישן פרעמדע, פארלירט דאס צווישן אייגענע. פון א פרעמדן קוואל, ווי פריי ער זאל ניט זיין, קען מען אייביק ניט טרינקען.

**מרים:**

פארוואס פרעמדע? מיט וואס קענט איר באווייזן, אז איר זייט אנדערש?

**דוד:**

מע באווייזט דאס שוין אן אונדז. אנדערע טוען דאס פאר אונדז. (מיט א זיפץ). איי טוען זיי דאס . . . און מיט א סיסטעם . . . מיט וויסנשאפט, מיט טעכניק . . . (דירעקט צו איר). דו ווייסט ווי שווער עס איז דיין טאטן אנגעקומען צו קויפן דאס הויז. דו ווייסט אויך פארוואס. און וואס די דייטשן האבן געטאן צו די יידן, ווייסטו דאך אויך, האא? . . . איך בעט דיך, מרים, גיי ניט צו אים. איך וועל ארויסגיין אים זאגן, אז דו קענסט ניט קומען. דו ביסט א קלוגע מידל, און טראכט די זאך איבער.

**מרים:**

איך האב שוין אלץ איבערגעטראכט. איך האב טשארלסן אזוי ליב אז . . .

**דוד:**

(פאלט אריין אין די רייד). און טאטע־מאמע? . . .

**מרים:**

אין אַנהויב וועט זיי מסתמא זיין אביסל שווער, אָבער, זיי וועלן זיך צוגעוואוינען.

**דוד:**

עס וועט ניט זיין קיין שפּעטער. פאַר דיין מאַמען, זיכער ניט. דו זאָגסט, אַז דו האָסט אים ליב. איך גלויב דיר. און דיין מאַמען, האָסטו ניט ליב? . . . (זי זיצט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ). און דאָך, ווילסטו רויבן איר לעבן צוליב דיין ביסל גליק. מרים, זי האָט דיך געבוירן, דערצויגן און איז גרייט יעדע מינוט אָוועקצוגעבן איר לעבן פאַר דיר. (ער קוקט איר אין פּנים אַריין). אדרבה, פרעג דיין פּראָפעסאָר, צי איז ער גרייט אָוועקצוגעבן זיין לעבן פאַר דיר? ער האָט דאָך דיך פאַרזיכערט אַז ער האָט דיך ליב . . .

טשארלס גיט פּלוצים אַ קום אַריין. דער געשפּרעך ווערט איבערגעריסן. ער טראָגט אַנדערע קליידער. דוד און מרים גיבן זיך אַ שטעל אויף. טשאַרלס גייט גלייך צו זיי, מיט אַ געמאַכטן שמייכל אויף די ליפּן.

**טשאַרלס:**

איך האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז עמיץ האַלט דיך אויף. (שמייכלט צו דודן). איך האָב אויך פאַרשטאַנען ווער. נו, איז אייך געלונגען איר אָפּצורייידן פון מיר?

**דוד:**

איך האָב אפילו ניט פּרובירט דאָס טאָן, הער פּראָפעסאָר. איך האָב איר נאָך געוואָלט ווייזן דעם טעות וואָס זי וויל מאַכן.

**טשאַרלס:**

דעם טעות? . . .

**דוד:**

אָדער פאַרברעכן. איינס פון די בײדע.

**טשאַרלס:**

(מיט אַ ביטערן שמייכל). לויט אייך קומט אויס, אַז צוויי מענטשן האָבן זיך ליב מאַכן זיי אַ טעות, אָדער באַגייען אַ פאַרברעכן.

**דוד:**

ניט דאָס האָב איך געמיינט, הער פּראָפעסאָר. וואָס איך מיין איז, ווען די צוויי מענטשן זיינען זיך פרעמד און . . .



**טשאַרלס:**

(מיט אַ געמאַכטן, הויכן געלעכטער). נאַטירלעך זיינען זיי פרעמד, ביז זיי ווערן מאַן און ווייב.

**מרים:**

דוד, איר האָט קיין רעכט ניט, אַזוי צו ריידן צו פּראָפעסאר בריק!

**טשאַרלס:**

(לאַכט נאָך אַלץ). דאָס איז זייער אַן אַלטע טעאָריע . . .

**דוד:**

(פאַלט אַריין אין די רייד). אָבער אייביק נייַ!

**טשאַרלס:**

מיר וועלן איבער איר אַריבערקלעטערן.

**דוד:**

איר וועט אָבער מוזן קלעטערן איבער צוויי קברים

**מרים:**

שווייגט, איר אַלטער נאַר!

**דוד:**

(מיר זעען אים צום ערשטן מאָל אַן אויפגערעגטן). יאָ, הער פּראָ־פעסאָר! איבער די קברים פון אירע עלטערן! (אַביסל רואיקער). אייך דאַרף זיין באַקאַנט, הער פּראָפעסאָר, ווי אייערע האָבן דורות לאַנג יובל׳דיק געשפּאַנט איבער די קברים פון אירע (ווייזט אויף מרימען) זיידעס און עלטער־זיידעס.

**מרים:**

(אויפגערעגט. שרייט). הערט אים ניט, טשאַרלס. ער ווייסט ניט וואָס ער רעדט. ער האָט היינט צופיל געטרונקען. (צו דודן). איר זייט שיכור! אַן אַלטער שיכור

אויף דייערע געשרייען קומען אַרויס פון הויז, אַנגעטאָן אין שלאָפרעק, רחל און קרעמער. שטייענדיק בא דער טיר, זאָגט קרעמער:

**קרעמער:**

וואָס איז דער מער?

**רחל:**

ווער האָט דאָס דאָ געשריען?

קרעמער:

זע נאָר ווער ס'איז דאָ, דער פּראָפּעסאָר? רחל, אפשר קען מען מאַכן אַ טיש? ס'איז נאָך געבליבן וואָס צו טרינקען און וואָס צוצו־בייסן. (גייט צו נעענטער). אַז איר זייט שוין יאָ דאָ, לאָמיר אַריינגיין מאַכן אַ לחיים. יאָ, פּראָפּעסאָר?

רחל:

דער פּראָפּעסאָר איז בא אונדז אַלעמאָל אַן אַנגעלייגטער גאַסט.

טשאַרלס:

איך קאָן איצט ניט טרינקען. איך וויל מיט אייך עפּעס ריידן, מיסטער און מיסעס קרעמער.

מרים:

ניין, טשאַרלס. איך בעט דיך, ניט איצט.

קרעמער:

וואָס טוט זיך דאָ? זי לאָזט דעם טיטשער ניט ריידן. זי רופט אים ביים ערשטן נאָמען. מרים, וואו זיינען דיינע „מענערס"? רחל . . .

טשאַרלס:

(צו מרים). פריער אָדער שפּעטער, זיי וועלן דאָך מוזן וויסן. מיסטער קרעמער, איך האָב זייער ליב אייער טאָכטער און זי האָט מיך אויך ליב. מיר האָבן באַשלאָסן חתונה צו האָבן. מיר ווילן דאָס ניט טאָן, אָן אייער צושטימונג. די ברכה פון טאַטע־מאַמע . . .

ווען טשאַרלס האָט געענדיקט ריידן, זיינען נאָך רחל און קרעמער געשטאַנען פאַרגליווערט פון דעם פּלוצימדיקן קלאַפּ. קרעמער נעמט זיך אָן מיט אַביסל מוט און שמייכלט, שטאַמלט פול מיט צער און ווייטיק. ער ווייסט אפילו ניט ווי אָנצוהויבן. ער רעדט מער מיט די הענט און מיטן האַרצן, ווי מיט ווערטער.

קרעמער:

כאַ, כאַ . . . דאָס איז דאָך . . . כאַ, כאַ . . . דאָס איז דאָך גע־קומען ווי אַ כאַ, כאַ . . . ווי אַ דונער . . . דאָס איז, רחל . . . רחל!!! איך בין פריטשמעליעט וועק מיך אויף, רחל! דו הערסט, רחל . . .

מרים:

(לויפט צום פאָטער און נעמט אים אַרום). פּאַפּאַ! פּאַפּאַ טייערער, איך האָב ליב טשארלסן . . . פּאַפּאַ . . .

קרעמער:

(ער פירט זי צו רחלען). האַלט זי לעבן זיך! (צו מרים)



דו ביסט קלמן קרעמערס טאָכטער! (צו טשאַרלס) עס איז געקומען אַזוי פּלוצים, מיסטער פּראָפּעסאָר! כאַ, כאַ . . . אַזוי פּלוצים געטראָפן ווי אַ . . . צי אַ . . .

טשאַרלס:

איך פאַרשטיי ווי איר פילט, מיסטער קרעמער . . .

קרעמער:

(אין זעלבן טאָן) ניין, מיסטער פּראָפּעסאָר, איר פאַרשטייט ניט. ניין! איר קענט ניט פאַרשטיין. איך האָב צו אייך גאָרנישט. איר זייט אַ פיינער מענטש. אדרבה, איך גלייך אייך. אָבער (ווייזט אויפן האַרצן) וואָס דאָ טוט זיך, קענט איר ניט פאַרשטיין. אייערע זיידעס האָבן דאָס ניט מיטגעמאַכט וואָס מיין טאַטע, (ווייזט אויף מרים) איר זיידע און באָבע האָבן איבערגעלעבט. (מיט אַ טרויעריק געבעט), איר האָט דאָ (ווייזט אויפן האַרצן) אָפּגעריסן . . . איך בין אַ פּראָסטער מענטש. מיין גאַנץ לעבן געפּעדלט. איינגעריסן אַ וועלט . . . ניט פאַרגונען זיך דאָס לעבן . . . (ווייזט אויף מרימען). אַלץ פאַר איר. נעמט איר זי אַוועק, איז זי טויט. טויט פאַר מיר! טויט פאַר דער מאַמען! טויט פאַר אַלעמען . . .

רחל:

קלמן! קלמן!

קרעמער:

טויט זאָג איך!

טשאַרלס:

מיסטער קרעמער, איך קלייב זיך גאָרנישט, אייך קיין שלעכטס צו טאָן. איך וויל נאָר אייער טאָכטער גליקלעך מאַכן.

קרעמער:

(שרייט פון אויפרעגונג און ווייטיק). טויט האָב איך געזאָגט! טויט פאַר כל ישראל (מיט טרערן אין די אויגן צום פּראָפּעסאָר). איר קוקט אויף מיר ווי אויף אַ משוגענעם. איך בעט אייך, מיסטער פּראָפּעסאָר. איך בעט אייך, טשעפּעט אונדז ניט. לאָזט אונדז לעבן. דאָ, אין דער נייער היים, הייבן מיר ערשט אָן צו לעבן . . .

פאָרהאַנג פאַלט שנעל אַרונטער.

סוף פון ערשטן אַקט

# צווייטער אַקט

## דאָס ערשטע בילד

עטלעכע טעג שפּעטער פון ערשטן אַקט. די זעלבע דעקאָראַציע ווי אין ערשטן אַקט. קיין זאַך ניט געביטן. עס איז אַ שיינער נאָכמיטאָג. פון צייט צו צייט, הערט מען ווי פייגל זינגען. עס איז אַ מחיה.

ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, זיצט רחל אויף אַ באַנק וואָס שטייט אונטער אַ בוים, זי זיצט אַ פאַרזאָרגטע מיט פאַרלייגטע הענט. מייטע זיצט אויף די טרעפּ, מיטאַמאָל גיט זי זיך אַ שטעל אויף און ווענדט זיך צו רחלען מיט כעס.

**מייטע:**

**רחל, איך וויל וויסן וואָס אין הויז טוט זיך. איך בין דאָך ניט קיין פרעמדע. פאַר מיר דאַרף מען זיך ניט היטן.**

**רחל:**

(פאַרזאָרגט). **מיר היטן זיך מיט גאָרנישט. ס'איז ניטאָ וואָס צו וויסן, מייטע.**

**מייטע:**

(בייז). **ס'איז יאָ דאָ! ס'איז דאָ אַ סך צו וויסן. אין די עטלעכע טעג, פון נאָך דער „פּאַרטי", איז געוואָרן אַן איבערקערעניש אין הויז. מיין קאַזין, זאָל מיר זיין געזונט, גייט אַרום אַן אַ קאָפּ. ניט ער עסט און ניט ער טרינקט. כ'ווייס ניט פון וואָס ער לעבט. און דו נעבעך, אָסור מיר, צי איך בין דיר מקנא. די מעשה געפעלט מיר ניט. וואָס איז דאָ פאָרגעקומען, וואָס? . . .**

**רחל:**

**איך בעט דיך, מייטע, פרעג מיך ניט.**

**מייטע:**

**אָרייט! אָרייט! הייסט עס, אַז איך בין דאָ איבעריק. וועל איך איינפּאַקן מיינע שמאָכטעס און גיין!**



**רחל:**

**ווער זאָגט אַז דו ביסט איבעריק? פאַרוואָס זאָלסטו אַזוי ריידן, מייטע?**

**מייטע:**

**איך האָב פיינט אַרומצוגיין און טאַפּן אין דער פינסטער. אַז איך בין דאָ אַ פרעמדע, וויל איך דאָ ניט זיין!** (גייט צו נעענטער צו רחלען). **איך וויל דיך ניט לאָזן שטעקן אין מיטן, רחל, גיב איך דיר אַ וואָך נאָטיס. אויב איך בין אַ פרעמדע, וועל איך האַנדלען ווי אַ פרעמדע.** (גייט צום הויז. קרעמער קומט איר אַנטקעגן אַ פאַרטרויערטער). **אפשר וועל איך בא דיר אויסגעפינען וואָס דאָ קומט פאָר.** (ער ענטפערט ניט. זעצט זיך אויף אַ שטול לעבן רחלען). **הייסט עס, אַז דו ווילסט אויך ניט ריידן צו מיר . . .** (ווי צו זיך אַליין, אַז זיי זאָלן אויך הערן). **אָט אַזוי דינט מען מיר אָפּ פאַר אַלץ וואָס איך האָב פאַר אייך געטאָן . . .** (לעבן דער טיר מיט כעס). **איך וועל אייך געבן צוויי וואָכן נאָטיס! איר זייט דאָך מיר ניט קיין פרעמדע . . .** (זיי ענטפערן ניט. זי רעדט העכער). **איך גיב אייך דריי וואָכן נאָטיס, רחל! אָדער איר דערציילט מיר וואָס דאָ קומט פאָר, אָדער איך קוויט!** (גיט אַ לויף אין הויז אַריין).

**רחל:**

(האָט אפילו ניט באַמערקט ווי מייטע איז אַוועק אַ בייזע. גייט צו צו קרעמערן, וואָס זיצט פאַרזאָרגט). **קלמן, ס'טויג ניט אַזוי. דער הימל ליגט דאָך נאָך ניט אויף דער ערד.**

**קרעמער:**

(ווייזט אויפן האַרצן). **אָט אָ דאָ, רחל! . . .** (ווייזט אויפן קאָפּ). **איך קען ניט פאַרשטיין! . . .**

**רחל:**

**מיר האָבן אַ גרויסן גאָט אין הימל . . .**

**קרעמער:**

**ער איז אָבער אַזוי ווייט, אַז ער זעט ניט וואָס בא מיר אין הויז טוט זיך.**

**רחל:**

**אפשר האַנדלען מיר ניט ריכטיק צום קינד. דו ביסט אַזוי שטרענג צו איר. איך האָב דיך טויזנט מאָל געבעטן — קלמן, זיי ניט שטרענג צום קינד.**

קרעמער:

אפשר זאָל איך איר געבן אַ קניפּ אין בעקל אַריין, פאַר דעם וואָס זי האָט אָפּגעטאָן? (גייט הין און צוריק אַן אומרואיקער). וואו איז דוד דער פילאָזאָף דיינער? וואו איז ער, דער גרויסער פלאָקן־שיסער? ער האָט דאָך געזאָגט, אַז ער וועט אַלץ „פיקסן"! צו וואָס האָט ער זיך אונטערגענומען? פאַרוואָס האָט ער מיך ניט געלאָזט גיין צום פרעזידענט פון קאָלעדזש? פאַרוואָס האָט ער מיך ניט געלאָזט ריידן מיטן פּראָפעסאָר אַליין? אַז איך האָב עס געוואָלט איבערגעבן מיין לאַיער, האָט ער זיך צעשריען, אַז מיט היינטיקע קינדער קען מען ניט גיין מיט אַ „דובינע איבערן קאָפּ"! (עס איז שטיל אַ ווײַלע). רחל, מע קען דאָך ניט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און צוקוקן ווי מען רויבט אונדזער לעבן! רחל, דאָס פאַרלוירן — איז אַלץ פאַרלוירן!

פון דער ווייטנס הערט מען ווי דוד זינגט אַ לידל און באַלד קומט ער אַרויף, פירנדיק אַ טאַטשקע ערד. זינגענדיק שטעלט ער אָפּ די טאַטשקע.ווישט אָפּ דאָס פּנים און פאַרענדיקט זינגען.

דוד:

פאַרשרייבן וועל איך אין מיין צוואה
אַז מיטגעבן זאָל מען אויף מיין וועג:
אַ פלעשל משקה, אַ גלאָז באַזונדער,
צו טרינקען לחיים פאַר יידישע קינדער.
טראַ, לאַ, לאַ, לאַ, לאַ.

קרעמער:

(צו רחלען. קוקט אויף דודן מיט באַדויערן). וואָס דער בראָנפן קען מאַכן פון אַ מענטשן . . .

דוד:

(שטעלט אָפּ די טאַטשקע און צעלאַכט זיך). ווער, איך שיכור? קלמן, דו האָסט שוין געזען אַ ייד זאָל זיין שיכור? נאַרישע מענטשן וואָס איר זייט, טאָמער גיט זיך ביי זיי ערגעץ אַביסעלע אַ ריס, מיינען זיי שוין אַז די וועלט דרייט זיך איבער מיטן הימל אַראָפּ און מיט דער ערד אַרויף . . . אוי, נאַרישע מענטשן . . .

קרעמער:

נו גוט, איך בין דער נאַר. אַלע זיינען געבילדעט. אַלע זיינען קלוג. אַלע זיינען באַלעזן. אַלע ווייסן וואָס זיי ריידן. אַלעמען איז גוט אויף דער וועלט. נו, מילא, ווען איך וואָלט געווען באַלעזן און געלערנט,



וואָלט מיר אפשר אויך גוט געווען. בין איך אָבער אַ פּראָסטער גוט־שבת, זאָגט זשע מיר, גרויסער פילאָזאָף, וואָס האָט איר ביז איצט אויפגעטאָן? . . .

דוד:

(שמייכלט). וואָס מיינסטו, קלמן, אָט אַזוי טוט זיך דאָס בא דיר? צו פאַרלאָטען איז שווערער ווי צו צערייסן. עס האָט זיך ערגעץ איינגעריסן, דאַרף מען פאַרזיכטיק דעם ריס אַזוי פאַרצירעווען, אַז מע זאָל דאָס ניט דערקענען. דו פאַרשטייסט, די גרויסקייט פון דעם מענטשנס שכל איז, אַז ער ווייסט ווי צו האַנדלען אין דער באַשטימטער צייט.

קרעמער:

איך ווייס נאָר איין זאַך — איר זייט אַ צעדרייטער, משוגענער פילאָזאָף און שיכור דערצו. איר זייט קיינמאָל ניט געווען קיין סוקסעס אפילו . . .

רחל:

קלמן, גאָט איז מיט דיר . . .

דוד:

ווען דו פאָלגסט מיך, קלמן, וואָלסטו נעמען אַביסעלע צו פאַרטרינקען די ביטערע טראָפּנס בלוט וואָס טריפן פון דיין האַרצן. איך ווייס וואָס בא דיר אין האַרצן טוט זיך, איך ווייס. דו ליידסט, דיין רחל ליידט, דיין קינד ליידט, מיסטער ערלעך ליידט — די וועלט איז פול מיט ליידן . . .

קרעמער:

מיסטער שאַרף מיט דער טאָכטער דרייען זיך אַרום דעם לעקטשורער, ווי וואָראָנעס בא אַ . . .

דוד:

דאָס איז בלאָטע. איך ווייס אָבער, אַז מיר האָבן אַ שווער שטיקל אַרבעט. דער פּראָפעסאָר מיט מרימען זיינען ביידע יונגע מענטשן. מיר טראַכטן וואָס איז רעכט און אומרעכט. וועגן דער פאַרגאַנגענהייט און וועגן אַ צוקונפט, און זיי ווילן געניסן פונם לעבן, שוין איצט. ליבע וויל ניט וויסן פון קיין נאַציאָנאַלע באַריערן. זי פליט אָן אַ פּאַספּאָרט און אָן אַ וויזע. דערפאַר האָבן מיר אַ שווער שטיקל אַרבעט. דערפאַר מוזן מיר זיין זייער פאָרזיכטיק. מיר מוזן דאָס מאַכן אַזוי, אַז אי דער

וואָלף זאָל זיין זאַט און אי דאָס ציגעלע זאָל בלייבן לעבן. דיין ציגעלע האָט פאַרבלאָנדזשעט . . .

רחל:

(פאַלט אַריין אין די רייד). וואָס טוט מען אײדער עס ווערט צו שפּעט?

דוד:

מיט צערטלעכקייט, מיט ליבע, מיט געבעט צוריקרופן אַזוי לאַנג, ביז דאָס ציגעלע וועט דערהערן דעם רוף פון דער היים און אַליין זיך אומקערן . . . וועט מען אָבער וועלן גיין נאָכן ציגעלע מיט ביקסן און קוילן, קען נאָך חלילה די ערשטע קויל טרעפן דעם פאַרבלאָנדזשעטן ציגעלע און דאַן . . .

ערלעך:

(גיט אַ קוק אַריין פון דער רעכטער זייט. קרעמער און רחל בלייבן דערשטוינט. דער געשפּרעך ווערט איבערגעריסן). אַ גוט העלף, מיס־טער קרעמער. אַ גוט העלף, מיסעס קרעמער. אַ גוט העלף . . .

רחל:

(גייט אים אַנטקעגן מיט פרייד). דער גוטער מלאך אַליין, האָט אייך געבראַכט אַהער. אַ גוט העלף.

ערלעך:

איר האָט דאָך מיך גערופן, האַ? . . .

דוד:

(דרייט מיט דער צונג). ס׳הייסט, איך האָב אייך . . . ס׳הייסט, מיסטער און מיסעס קרעמער און איך האָבן . . . נו, זיצט, מיסטער ערלעך, זיצט.

ערלעך:

(זעצט זיך). אַ דאַנק. וואָס מאַכט איר אַלע? וואָס מאַכט מיס קרעמער?

קרעמער:

אַלע זיינע אַל . . .

דוד:

אַלץ איז ווי דער אַמעריקאַנער זאָגט „אַ קיי״!

ערלעך:

עס פרייט מיך דאָס צו הערן. נעכטן האָב איך זיך געקליבן קו־



מען איך זען. האָט זיך עס ניט איינגעגעבן. געווען פאַרנומען צו־צוגרייטן מיין לעצטע לעקציע אײדער איך פאַרלאָז אייער זוניקע קאַליפאָרניע . . . מעג איך וויסן וואָס איר האָט מיך היינט גערופן?

רחל:

איר מוזט טאַקע אַוועקפאָרן?

ערלעך:

עס איז ניט פאַראַן אַזאַ זאַך, אַז מע מוז. אָבער, אַזוי גיך ווי איך ווער פאַרטיק מיט מיינע לעקציעס, האָב איך דאָ מער ניט וואָס צו טאָן.

דוד:

קלמן, האָסט דאָך געוואָלט ריידן מיט מיסטער ערלעכן וועגן דיין טאָכטער.

קרעמער:

(ווי אויפגעוועקט פון שלאָף). יאָ, יאָ . . . מיין טאָכטער . . .

דוד:

איר ווייסט שוין, מיסטער ערלעך, אַז מיסטער קרעמער איז ניט קיין רעדנער. ער ווייסט וואָס ער וויל, ער קען עס אָבער ניט אַרויס־ברענגען. איר פאַרשטייט, ער און זיין ווייב, ווילן אייך פאַר אַן אײדעם...

קרעמער:

נו,טאַקע, צו וואָס זאָלט איר זיך אַרומשלעפּן אויף דער וועלט מיט אייערע לעקטשורס? קיינער וויל זיי ניט, און קיינער דאַרף זיי ניט. איר זייט דאָך אַזאַ פיינער, אַזאַ אײדעלער, צו וואָס זאָלט איר זיין אָן אַנשיקעניש? . . . איך וועל אייך קויפן אַ קאַר . . . איר וועט זיין אַ מענטש . . . איר פאַרשטייט, איך וועל אייך אַריינגעמען אין די ביזנעס . . .

ערלעך:

און אייער טאָכטער? . . .

דוד:

(פאַלט אַריין אין די רייד). עס ווענדט זיך אין אייך.

ערלעך:

(גיט זיך אַ שטעל אויף). אין מיר? . . .

דוד:

הערסט, רחל, די געלערנטע מענטשן האָבן אַ מאָדנע טבע — די לייכטסטע זאַך, מאַכן זיי שווער צו פאַרשטיין.

**ערלעך:**

איך פֿאַרשטיי אייך ניט, מיסטער קייגאַן. קענן וואָס זאָגט איר דאָס?

**דוד:**

מיסטער ערלעך, אויב איר קענט מאַכן, אַז הונדערטער מענטשן זאָלן זיך צוהערן צו אייערע רייד און איר זאָלט זיי געווינען אויף אייער זייט, פֿאַרוואָס זאָלט איר דאָס ניט קענען טאָן צו איין מענטשן? . . . איך ווייס, אַז איר האָט ליב מרימען. זי אייך? . . . זי האָט ניט געזאָגט ניין. אדרבה, זי שעצט אייך און רעספּעקטירט אייך. פֿאַרט איר אַוועק, פֿאַרלירט איר אפשר אייער גליק . . . בלייבט איר דאָ, וועט אייער גליק קומען צו אייך. איר וועט אָבער מוזן קעמפֿן. אויסגעקעמפֿטע ליבע, מיסטער ערלעך, איז זיסער פֿון בלומען־האָניק. מרים, פֿאַרשטייט איר מיך, איז ווי אַ צאָל יידישע מיידלעך — פֿאַרבלאָנדזשעט געוואָרן. אייך דאַרף איך דאָך ניט זאָגן. איר ווייסט דאָך אַז דאָס איז ניט דער ערשטער פֿאַל. שרעקן דאַרף מען זיך ניט. זי איז חלילה ניט צו ווייט אַוועק. מיר זיינען אָבער צו שוואַך אָנצופֿירן דעם קאַמף. מיר קענען אייך בלויז העלפֿן. איר אָבער, מיט אייער חכמה, מיט אייער אידלקייט, אייער וויסן און אייער טאַקט, קענט איר זי צוריקברענגען צו טאַטע־מאַמע און פֿאַר זיך אליין.

**קרעמער:**

(מיט געבעט). פֿאַר אונדז דאַרפֿן מיר גאָרנישט. אַלץ וועט זיין אייערס. אייערס און מיין טאָכטערס. אַ יאָ, רחל? זאָל זיך אונדז דאַכטן אַז מע האָט ניט געפֿונען קיין אויל אויף מיין רענטש און איך בין נאָך אַלץ אַ פּעדלער. איר פֿאַרשטייט, מיסטער ערלעך, דער טאַטע מיינער, די מאַמע — זיי וועלן ניט קענען איינליגן אין קבר, אַז מיר וועלן האָבן אַ גוי אין דער משפּחה.

**ערלעך:**

(מיט אַ זיפֿץ). אונטער דער אַמעריקאַנער פֿרייהייט האָבן אונדזערע יידן פֿאַרנאַכלעסיקט זייערע קינדער. דאָס איז דער רעזולטאַט פֿון ניט געבן קיין יידישע דערציאונג צו די יידישע קינדער . . .

**קרעמער:**

גערעכט, מיסטער ערלעך. ניט פֿאַרשטאַנען. אַ גאַנצן טאָג געוועזן פֿאַריאָגט אויפֿן וואָגן.

**דוד:**

(פֿאַלט אַריין אין די רייד). איר זייט דאָך ניט אַהערגעקומען אַז



איר זאָלט שיטן זאַלץ אויף די וואונדן, מיסטער ערלעך? אויב עס איז שוין יאָ געקומען צו רייד, וואָלט איך טאַקע געוואָלט וויסן, וואָס האָבן אונדזערע גייסטיקע פֿירערס געטאָן, אַז די יידישע קינדער זאָלן ניט פֿאַרבלאָנדזשען? איך וועל אייך זאָגן וואָס זיי האָבן געטאָן: זיי זיינען געזעסן אין ניו־יאָרק און דעבאַטירט הויך פּאָליטיק און דעם פּשוטן יידן איבערגעלאָזן אויף הפקר. איר האָט נאָך טענות. אנשטאָט אַרונטערקומען אין די שטעטלעך און לערנען מיטן פֿאַרהאָרעוועטן נאַראָד אַביסל יידישקייט, זייט איר געזעסן און געוואַרט אַז מיסטער כבוד זאָל קומען צו אייך.

**רחל:**

איר זאָלט מיר מוחל זיין, דוד, דאַכט זיך, אַז איר פֿאַרקריכט אין אַ זייט.

**דוד:**

רחל, איך בין ניט שיכור און איך פֿאַרקריך ניט אין אַ זייט! אנשטאָט שטראָף־רייד, וויל איך הערן וואָס וועט מיסטער ערלעך טאָן כּדי צו ראַטעווען אַ יידיש קינד, וואָס בלאָנדזשעט. (ער מאַכט אַן איינדרוק, ווי ער וואָלט געוועזן בייז. צו ערלעכן). וואָס האָט דער מגיד בדעה צו טאָן אַחוץ זאָגן מוסר? . . . (עס איז שטיל. ער וואַרט אויף אַן ענטפֿער).

**ערלעך:**

(גיט זיך אַ שטעל אויף). גערעכט, מיסטער קייגען, גערעכט. אָן אַ קאַמף קען מען גאָרנישט געווינען. איך וועל טאָן אַלץ, וואָס איז נאָר אין מיינע מעגלעכקייטן!

**קרעמער:**

מיסטער ערלעך (ער כאַפּט אים אָן פֿאַר דער האַנט). איר האָט אַריינגעבלאָזן אין מיר אַ נייע נשמה.

**דוד:**

(נעמט אַרויס פֿון קעשענע אַ פֿלעשעלע. גיט אַ לאַנגן זופּ. פּאָסמאַקעוועט זיך. גיט אַ וואונק צו קרעמערן אַז ער זאָל צוקומען צו אים. ער רוימט אים איין אַ סוד אין אויער). נו, קלמן, איך בין שיכור? . . . דו וועסט זען, קלמן, מע וועט נאָך ברעכן טעלערס מיט שיסלען, אַז די ערד וועט ציטערן! (זינגענדיק אַ לידל, הייבט ער אָן אָפּפֿירן די טאַטשקע אין דער לינקער זייט).

אַ בלימל אין גאָרטן,<br>
אַ ביימל אין פֿעלד.

איינער האָט ליב די כוסה,
דער צווייטער האָט ליב דאָס געלט.
דער וואָס קען אַ טרינק טאָן,
פייפט אויף דער גאַנצער וועלט.
(זיין געזאַנג הערט זיך נאָך פון דער ווייטנס).

**קלמן:**

(גיט זיך אַ כאַפּ פון דעם וואָס דוד האָט אים געזאָגט). **אויב אַזוי, וואָס שטייען מירז לאָמיר אַריינגיין און מאַכן אַ לחיים. רחל, האָסט געהערטז** (ער הייבט אָן גיין מיט פרייד. ערלעך און רחל הייבן אויך אָן גיין).

פאָרהאַנג פאַלט.

סוף פון דער ערשטער סצענע, פון צווייטן אַקט.



## דאָס צווייטע בילד

דעם זעלבן טאָג. עטלעכע שעה שפּעטער. אויפן זעלבן פּלאַץ. עס איז פאַרנאַכט. פינסטערלעך. אין הויז איז פינסטער. עס איז אויך ניטאָ קיין לבנה־שיין. די האַנדלונג קומט פאָר אין דער עקסטרעם לינקער זייט פון דעם גאָרטן. ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, זיצט מרים אויף אַ באַנק און טשאַרלס שטייט לעבן איר.

**טשאַרלס:**

**דיין פאָטער האָט מיך געמאַכט פילן שרעקלעך — „לאָזט אונדז לעבן, לאָזט אונדז לעבן, מיר פאַנגען ערשט אָן צו לעבן", האָט ער געשריען. וואָס זיינען דאָס פאַר אַ רייד?** (בייז) **פונקט ווי איך וואָלט מיך געקליבן צורויבן זייער לעבן.** (שמייכלט ביטער).

**מרים:**

**ער האָט זיך אפשר שלעכט אויסגעדריקט, ער האָט עס אָבער ניט געמיינט.**

**טשאַרלס:**

**דערפאַר וואָס איך האָב דיך ליב, באַטראַכטן מיך דיינע עלטערן פאַר אַ פאַרברעכער.**

**מרים:**

(שטעלט זיך אויף). **האָסט מיך טאַקע אַזוי שטאַרק ליב, טשאַרלס?**

**טשאַרלס:**

**דו צווייפלסט נאָך?**

**מרים:**

**ניין.** (שמייכלט). **איך האָב אָבער ליב צו הערן ווי דו זאָגסט עס. עס גיט מיר מער מוט צו קעמפן.** (זעצט זיך צוריק). **איך דאַרף איצט אַזויפיל מוט.** (מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ). **מיין היים איז געוואָרן ווי אַ גהינום. פון איין זייט, דער פאָפאַ, מיט זיין בייזערן זיך און די מאַמע מיט אירע טרערן און איר בעטן.** (זיפצט). **זי רייסט שטיקער פון מיין האַרץ. אָ טשאַרלס, ווען דו וואָלסט וויסן וואָס איך לעב איבער אין דעם הויז . . . דער טאַטע זאָגט אַז ער וועט זיך אונטערצינדן מיטן הויז און מיט . . .**

**טשאַרלס:**

(זעצט זיך לעבן איר). **איך ווייס, מיין טייערע, איך ווייס. איך קען דיינע מענטשן. זיי זיינען איינגעשפּאַרט און פאַרעקשנט. זיי גיבן**

זיך ניט אונטער. (אַביסל בייז). זיי האַלטן זיך פאַר אַן אויסדערוויילט פאָלק. פיל מאָל ברענגען זיי מיך אַרויס פון געדולד. זייערע טענות גייען אַביסל צו ווייט! . . .

**מרים:**

לאָמיר איצט ניט ריידן דערפון, טשאַרלס!

**טשאַרלס:**

(גיט זיך אַ שטעל אויף מיט כעס). פאַרוואָס זאָלן זיי ניט וועלן זיך אויסמישן? פאַרוואָס זאָלן זיי זיך האַלטן אָפּגעזונדערט? זיינען מיר טאַקע אַזעלכע מערדערס מיט וועמען די קינדער פון ישראל ווילן זיך ניט ברידערן?! . . .

**מרים:**

(נעמט זיין האַנט און ציט אים אַז ער זאָל זיך זעצן לעבן איר). אפשר יאָ און אפשר ניין. איך ווייס ניט. איך ווייס נאָר, אַז איך האָב דיך צוויי טעג ניט געזען. האָסט געבענקט נאָך מיר?

**טשאַרלס:**

(שמייכלט). זייער שטאַרק געבענקט. איך האָב זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען . . . איך . . .

**מרים:**

(פאַלט אַריין אין די רייד). אָ, מיין טייערער. (זיפצט און לענט אָן דעם קאָפּ אויף זיין ברוסט).

**טשאַרלס:**

(מיט פרייד). האָסטו ענדלעך איינגעזען, אַז איך בין גערעכט. ביסט גרייט צו פאַרלאָזן זייער הויז. (עס ווערט אַביסל פינסטער).

**מרים:**

אַזוי איז קיין לעבן ניט.

**טשאַרלס:**

(באַפרייט זיך פון איר). איך וויל אָבער אַז דו זאָלסט וויסן מרים, אויב עפּעס זאָל פּאַסירן, וויל איך אַז מיר בײדע זאָלן זיין פאַראַנטוואָרטלעך . . .

**מרים:**

עס וועט גאָרנישט פּאַסירן. מיין מאַמע וועט מיך פאַרשטיין. זי וועט אויך זען, אַז מיין פאָטער זאָל עס באַגרייפן. ווען זיי וועלן זען אַז מיר בײדע זיינען גליקלעך, וועלן זיי אויך זיין גליקלעך.



**טשאַרלס:**

(ווי צו זיך אַליין). איך צווייפל אין דעם. (צו מרים). ווען אַלע אייערע וואָלטן געווען אַזוי פאַרשטענדלעך ווי דו ביסט, וואָלט שוין היינט מער ניט געווען קיין יידן־פראַגע אויף דער וועלט.

עס ווערט נאָך מער פינסטער. פון הויז הערט זיך רחל׳ס רופן — „מרים, טאָכטער מיינע, וואו ביסטו? . . . מרים, מרים!“ זי גיט זיך אַ שטעל אויף אַ דערשראָקענע.

**מרים:**

קום אַוועק פון דאַנען, איך וויל ניט אַז זי זאָל אונדז דאָ טרעפן צוזאַמען.

**טשאַרלס:**

וועסט זיך אַמאָל באַפרייען פון איר רופן? (כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ). עס לעכערט מיר דעם קאָפּ

**מרים:**

איך וועל. איך וועל, מיין טייערער. נאָכדעם ווי מיר וועלן חתונה האָבן, וועסטו זי ניט דאַרפן הערן . . . (עס הערט זיך ווידער רחל׳ס רופן: „מרים! מרים׳ל מיין קינד, וואו ביסטו!“. זי איז מער אומרואיק). גיי איצט אַהיים, טשאַרלס. מיר וועלן זיך טרעפן שפּעטער. איך וועל איר איצט אַנטקעגן גיין. גיי, מיין ליבער . . .

**טשאַרלס:**

וועסטו קומען שפּעטער? (נעמט איר אַרום מיט ליבע). איך וועל וואַרטן אויף דיר.

**מרים:**

(נעמט אים אויך אַרום). יאָ, טשאַרלס, איך וועל קומען.

זיי קושן זיך. רחל קומט אַרויס פון הויז. זי דערזעט דאָס. איר האַרץ ווערט פאַרקלעמט. זי דרייט אַוועק דעם קאָפּ דאָס ניט צו זען. טשאַרלס דערזעט זי. ער גייט אָפּ אויף שנעל. מרים דערזעט איר מוטער. זי בלייבט שטיין אין אַ פאַרלעגנהייט. זי וויל גיין אין דער ריכטונג פון טשאַרלס. רחל דערנענטערט זיך צו איר מיט געבעט.

**רחל:**

גיי ניט אַוועק, מיין קינד. פון אַ מאַמען אַנטלויפט מען ניט.

**מרים:**

(מיט אַ פאַרוואורף). פאַרוואָס גייסטו מיר נאָך, מאַמע?

**רחל:**

(מיט אַ ליבן שמייכל). איך גיי דיר שוין אַזוי נאָך, זינט דו ביסט געבוירן געוואָרן.

**מרים:**

איך בין שוין מער ניט קיין קינד!

**רחל:**

בא דיין מאַמען, וועסטו אַלעמאָל זיין אַ קינד.

**מרים:**

איך בין שוין אַלט גענוג צו וויסן וואָס איך וויל. אויסצוקלייבן מיין אייגענעם וועג.

**רחל:**

אפשר האָסטו ניט גענומען דעם ריכטיקן וועג, מיין קינד?

**מרים:**

אויב מיין האַרץ גענאַרט מיך, וועל איך אַליין שפּעטער ליידן.

**רחל:**

צו וואָס אַזוי ריידן, מיין קינד? זאָלן דיינע שונאים ליידן. אַ קינד רעדט. (זיפצט. צו זיך אַליין, אוי). אַלץ אין איינעם, איז ניטאָ ביי קיי־נעם. ווען מיר האָבן געהערט אַז מיסטער ערלעך איז פאַרליבט אין דיר, איז אין טאַטן אַריין אַ נייע נשמה. וואָס וואָלט אונדז געפעלט? ער, אַ געלערנטער. דו אַ געלערנטע . . .

**מרים:**

מיין האַרץ ציט אָבער צו פּראָפעסאָר טשאַרלס ברין . . .

**רחל:**

(פאַלט אַריין אין די רייד). אַ האַרץ, מיין קינד, קען מען באַפעלן. מיסטער ערלעך וואָלט באַשיינט אונדזער הויז. די גאַנצע שטאָט יידן וואָלטן זיך געשעצט גליקלעך אים דאָ צו האָבן . . . (רחל זיפצט און זעצט זיך).

**מרים:**

(זעצט זיך מיט אימפּעט לעבן דער מוטער). ווילסט, מאַמע, אַז איך זאָל אַרויסרייסן מיין האַרץ?! . . . ניין, מאַמע, עס איז שווער, זייער שווער. (טרערן אין די אויגן).

**רחל:**

(דערשראָקן). רייד ניט קיין נאַרישקייטן. דיינע יאָרן, זיינען די



שענסטע בליאונג יאָרן. לאַכן און טאַנצן, דאַרף אַ מיידל אין דיינע יאָרן.

**מרים:**

(מיט געבעט און טרערן אין די אויגן). ווילסטו מיך בעסער זען אַ טויטע, איידער אַ גליקלעכע? זאָג, מאַמע? . . .

**רחל:**

(מיט טרערן אין די אויגן). חלילה! לעבן! לעבן און מיך איבערלעבן!

**מרים:**

דאָן שטיי מיר ניט אין וועג, מאַמע. גיי מיר ניט נאָך. היט מיך ניט און האַלט מיך ניט אין איין רופן. איך קען דאָס ניט אויסהאַלטן. איך קען דאָס ניט איבערטראָגן (וויינט שטאַרקער). האָב רחמנות, מאַמע, טרייבט מיך ניט צו פאַרצווייפלונג. (שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אויף דער מו־טערס ברוסט און וויינט שטאַרק).

**רחל:**

(וויינט מיט). דו וויינסט נאָך? אויב וויינען, דאַרפן מיר דאָך. דער טאַטע און איך. דער אומגליק האָט אונדז געטראָפן . . .

**מרים:**

(שלוקעכצט שטאַרק). מאַמע טייערע, האַרציקע מאַמע . . . איך בעט דיך, מאַמע . . .

**רחל:**

(פאַרצווייפלט, אָבער זי צערטלט איר טאָכטער און גלעט איר דעם קאָפּ מיט פיל מוטער־ליבע. זי רעדט, ווי זי וואָלט זיך איינגעהאַלטן פון וויינען. עס ווערט נאַכט). איך פאַרשטיי דיך, מיין קינד. איך פיל דיין האַרץ, אָבער מיין האַרץ טוט אויך וויי. דער טאַטע איז שוין אויס מענטש. עס וועט זיין אַזוי שווער דעם ווייטיק איבערצוטראָגן . . .

**מרים:**

(הייבט אויף אַביסל דעם קאָפּ). איך וועל מיך ניט דערוויטערן. איך זאָג דיר צו, מאַמע . . .

**רחל:**

(גלעט איר דעם קאָפּ). דאָס מאַכט דעם ווייטיק ניט מילדער, מיין קינד.

**מרים:**

(מוטיקער. ווישט די אויגן). איר וועט קומען צו מיר. איך וועל קומען צו אייך . .

**רחל:**

(מיט טרערן). שטעך ניט טיפער, מיין קינד. מיין האַרץ איז שוין גענוג אַדורכגעשטאָכן. זיך שטיל און האַלט אָנגעשפּאַרט דיין קאָפּ אויף מיין ברוסט, ווי דו פּלעגסט עס טאָן, ווען דו ביסט נאָך געווען אַ קליי־נינקע. ווען איך האָב נאָך מיינע חלומות געוועבט, געהאָפט און גע־בעטן צו גאָט. (זי קען מער ניט ריידן. די טרערן שטיקן איר אין האַלדז זי הערט אָבער ניט אויף צו גלעטן מרים׳ס קאָפּ).

**מרים:**

(אַביסל באַרואיקט. ווי זי וואָלט געהאַלטן אין איינשלאָפן). דו ביסט ניט בייז אויף מיר, מאַמע . . . איאָ דו ביסט ניט בייז? . . .

**רחל:**

(אין דער זעלבער שטימונג). בייז? ווי קען אַ מאַמע זיין בייז אויף איר קינד? . . . איז דען פאַראַן אַ זיסערער, אָדער וואַרעמערער געפיל, פון אַ מאַמעס? . . . (אַ טיפן זיפץ). אוי, קינד מיינס, ווען איך וואָלט דיך קענען איצט באַהאַלטן אין מיין האַרץ, טיף, אַזוי טיף, אַז ער זאָל דיך ניט קענען געפינען . . . דאָרט זאָלסטו צוריק ווערן מיין קליין מיידעלע. איך זאָל דיך ווידער קענען איינשלעפערן מיט מיין לידעלע. (עס איז שטיל אַ ווײַלע. זי בייגט אָן דעם קאָפּ און באַמערקט ווי מרים איז איינגעשלאָפן. הייבט זי אָן האָמען דאָס לידעלע און שפּעטער זינגט זי דאָס מיט ווערטער).

שלאָף, מיין קינד, שלאָף כסדר,<br>
זינגען וועל איך דיר אַ ליד,<br>
אַז דו, מיין קינד, וועסט עלטער ווערן,<br>
וועסטו וויסן דעם אונטערשיד.<br>
אַז דו, מיין קינד, וועסט עלטער ווערן,<br>
וועסטו וויסן דעם אונטערשיד.

דורך דער צייט פון איר זינגען איז מרים איינגעשלאָפן. אין דער זעלבער צייט ווערט טונקעלער און טונקעלער, ביז עס ווערט אין־גאַנצן פינצטער. דער פאָרהאַנג לאָזט זיך אַרונטער ווען עס איז שוין גוט פינצטער אויף דער בינע און מע הערט נאָך רחל׳ס זינגען דאָס ליד ווי פון דער ווייטער, ווייטנס.

פאָרהאַנג פאַלט.

סוף פון צווייטן בילד, פון צווייטן אַקט.



## דאָס דריטע בילד

בא פּראָפעסאר טשאַרלס ברין אין אַרבעטס קאַבינעט. אַ קליין צימער מיט פּאָליצעס מיט ביכער. דאָס צימער איז באַלויכטן מיט הויז־עלעקטריק. עס איז דער זעלבער אָוונט פון דער פריערדיקער סצענע, נאָר אַביסל שפּעטער. אַ טיר, אַ פענצטער, אַ שרייבטיש, שטולן און אַנדערע זאַכן, ווי בא אַ יונגן פּראָפעסאָר.

ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, טרעפן מיר דעם פּראָפעסאָר שטיין לעבן פענצטער. ער וואַרט אומגעדולדיק אויף מרים׳ס קומען, ווי זיי האָבן זיך פריער אָפּגערעדט. מיטאַמאָל דערהערט זיך אַ לייכ־טער קלאַפּ אין דער טיר. ער לויפט מיט פרייד און גיט שנעל אָן עפן די טיר. אנשטאט מרים, איז גאָר געקומען מיסטער ערלעך.

**ערלעך:**

גוד איוונינג, פּראָפעסאר ברין.

**טשארלס:**

(אין אַ פאַרלעגנהייט פון דעם אומדערוואַרטעטן גאַסט). גוד איוו־נינג.

**ערלעך:**

מעג איך אַריינקומען?

**טשארלס:**

פּליז! קומט אַריין!

**ערלעך:**

אַ דאַנק (שטרעקט אויס די האַנט). מיין נאָמען איז ערלעך.

**טשארלס:**

(דערלאַנגט אים די האַנט מיט אַ שמייכל). אָ, איך האָב געהערט וועגן אייך. זיצט, ביטע.

**ערלעך:**

(זעצט זיך). אַ דאַנק, הער פּראָפעסאָר. איך וועל ניט פאַרנעמען צופיל פון אייער ווערטפולער צייט.

**טשארלס:**

(שמייכלט). אדרבה, עס פרייט מיך אייך צו זען בא מיר אין הויז. אָבער וואָס עפּעס אין אַזאַ שפּעטער שעה? (דערלאַנגט אים אַ סיגאַרעט). ווי אַזוי טרינקט איר, „סטרייט צי מיט אַ טשייסער" ?

**ערלעך:**

אַ דאַנק. איך רויכער ניט און איצט, פיל איך ניט ווי צו טרינקען. (שמייכלט).

**טשארלס:**

(זעצט זיך לעבן אים). נו, מעג איך וויסן, וואָס עס ברענגט אייך אַהער אין אַזאַ שפּעטער שעה? (פאַררויכערט זיך אַ סיגאַרעט).

**ערלעך:**

וועגן מיס קרעמער . . .

**טשארלס:**

(גיט זיך אַ שטעל אויף). יאָ, מיר האָבן . . .

**ערלעך:**

(פאַלט אַריין אין די רייד). טאַקע וועגן דעם בין איך געקומען.

**טשארלס:**

אירע עלטערן האָבן אייך אַהערגעשיקט, האָ? . . .

**ערלעך:**

ניין, הער פּראָפעסאָר. קיינער האָט מיך ניט געשיקט און קיינער ווייסט אפילו ניט, אַז איך בין געקומען צו אייך.

**טשארלס:**

(פאַרטראַכט). הממממ.

**ערלעך:**

האָט איר געטראַכט, הער פּראָפעסאָר, צי דער באָדן אויף וועלכן איר ווילט בויען אייער צוקונפט איז אַ זיכערער? (עס איז שטיל אַ ווײַלע). מיר דאַכט זיך, אַז ער איז אַביסל צו זאַמדיק. דאָס ערשטע ווינטל קען...

**טשארלס:**

(פאַלט אַריין אין די רייד). איך פאַרשטיי וואוהין איר צילט, מיסטער ערלעך. (זעצט זיך אַנטקעגן איבער ערלעכן). איך בין ניט איינשטימיק. איך גלויב, אַז דער פונדאַמענט איז געבויט אויף גראַניט. איר וועט דאָך צוגעבן, אַז די וואַנט וואָס שטייט צווישן אונדז איז



געמאַכט פון שטיין. קען דען זיין שטאַרקער, ווי אַ שטיינערנער פונדאַמענט?

**ערלעך:**

ניין. (שמייכלט). מיר דאַרפן אָבער ניט פאַרזען, אַז די וואַנט, די שטיינער ליגן ניט פלאַך. זיי זיינען נאָך ניט צוגעדעקט דורך טויזנטער יאָרן אונטער דער ערד, ווי די עגיפּטישע און באַבילאָנישע מאָנומענטן. פאַרקערט, וואָס ווייטער אַ יאָרהונדערט, אַלץ העכער און מעכטיקער איז זי אויסגעוואָקסן.

**טשארלס:**

(שטעלט זיך אויף. אומגעדולדיק). איר זייט אַ קלוגער מענטש, מיסטער ערלעך.

**ערלעך:**

(שטעלט זיך אויך אויף). און צו אַ קלוגן מענטשן בין איך געקומען. מעגלעך אַז איר זייט שטאַרק גענוג, אָט אָ די וואַנט, אַביסל איינצובויגן. אויך איר וועט אָט אָ די וואַנט ניט קענען אינגאַנצן אומוואַרפן . . . גלויבט איר טאַקע, אַז מרים איז אַזוי שטאַרק ווי איר און וועט אויך האָבן די מעגלעכקייט צו בייגן די וואַנט, כאָטש אויף אַזוי פיל ווי איר האָט?

**טשארלס:**

לויט איר פעסטן באַשלוס, גלויב איך, אַז זי איז שטאַרק גענוג.

**ערלעך:**

נאָר אין אַ חלום איז עס מעגלעך. אַ חלום איז אָבער ניט די ווירקלעכקייט. ווי יעדע יונגע מיידל, לעבט איצט מרים מיט פאַנטאַזיעס. זי איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון אייער פיינקייט, אייער אינטעליגענץ, און אויך אייער טיטול, פּראָפעסאָר פון וועלט געשיכטע. פאַרשטייט זיך, אויך פון אייער פיזיק. וואָלט איר געווען אַן אייגענער, וואָלט דאָס געווען אַ גרויס גליק פאַר אייך ביידן . . .

**טשארלס:**

(פאַלט אַריין אין די רייד). פאַרוואָס זאָל דאָס זיין אַ חלום?

**ערלעך:**

לאָמיר די זאַך באַטראַכטן מיט שכל. (זעצט זיך. אויך טשארלס זעצט זיך). איר זייט אַ געלערנטער און אויך אַ מאַן מיט שטאַרקע מוסקולן. אין פאַרגלייך מיט מרים, האָט איר אַלע מעגלעכקייטן אַלץ

צו טאָן. גלויבט איר אָבער, אַז ס׳איז גלייך אַזוי, אַז די שוואַכע מרים דאַרף זיין די, וואָס זאָל מאַכן דעם ערשטן שריט? זי זאָל מאַכן דעם עקספּערימענט? . . . איך גלויב אַז אירביידע בלאָנדזשעט איצט אויף אַ וועג וואָס איז מיט ווילד גראָז באַוואָקסן. אויב איר ביידע זאָלט שוין יאָ דערגרייכן אייער ציל, וועט איר ערשט ניט זיין ווילקאָמען צווישן אייערע און מרים וועט זיין פאַרשטויסן פון אירע. דער סוף וועט זיין — די ליבע, וואָס איז די גרעסטע ברכה פון גאָט, וועט ווערן אָנגעפּילט מיט שנאה און האַס. (עס איז שטיל אַ ווײַלע. ער קוקט אויפן פּראָפעסאָר). אמתע ליבע, הער פּראָפעסאָר, פאָדערט קרבנות. זייט איר גרייט צו ברענגען . . .

**טשאַרלס:**

וואָס מיינט איר, וואָס פאַר אַ קרבנות?

**ערלעך:**

איך מיין, זייט איר גרייט צו פאַרבייגן אַביסעלע פון אייער „פּינ־טעלע קריסט״?

**טשאַרלס:**

איך פאַרשטיי אייך ניט. עס איז פאַר מיר ניט קלאָר, וואָס איר מיינט.

**ערלעך:**

(מיט אַ שמייכל). דאַכט זיך, אַז איצט וויל איך עפּעס טרינקען.

**טשאַרלס:**

גוט! ווי אַזוי טרינקט איר?

**ערלעך:**

„סטרייט״! אָן שום געמישעכץ.

פּראָפעסאָר ברין גיט אַ לויף צום שרייבטיש און ברענגט אַ פלעשל מיט צוויי גלעזלעך. ער גיסט אָן די גלעזלעך. ביידע טרינקען. פאַס־מאַקעווען זיך. ער גיסט אָן נאָך צוויי, וועלכע בלייבן שטיין אויפן טיש. ביידע זעצן זיך אַוועק.

**ערלעך:**

פּראָפעסאָר ברין, איר ווייסט זייער גוט, אַז מרים איז אָן איבער־געגעבן קינד צו אירע עלטערן. זי וועט איר גלויבן, אַלס קינד פון איר פאָלק, ניט בייטן. דאָס וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דייטשלאַנד מיט זעקס מיליאָן יידן, האָט זייער שטאַרק געווירקט אויף אַלע יידן . . .

**טשאַרלס:**

(אומרואיק). וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט אונדז?



**ערלעך:**

אַלס פאַרשער איז דאָך אייך באַקאַנט, אַז דאָס וואָס די דייטשן האָבן געטאָן צו די יידן, איז ניט דער ערשטער פאַל. די קריסטלעכע וועלט האָט דאָס זעלבע פּראַקטיצירט העכער פופצן הונדערט יאָר. אמת, ניט דורך קיין גאַז־אויוונס, אָבער . . .

**טשאַרלס:**

מיר זיינען ניט רעליגיעז.

**ערלעך:**

יאָ. אין די אַלטע צייטן אַז אַ ייד איז געוואָרן אַ קריסט, האָט מען אים אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס, מיט גרויס כבוד. היינט, גראָבט מען אויף זיין יחוס ביזן זעקסטן דור צוריק און ער ווערט צו־ריקגעשטויסן צו די יידן.

**טשאַרלס:**

מיר זיינען דאָך ניט אין דייטשלאַנד. מיר לעבן אין אַמעריקע.

**ערלעך:**

(מיט אַ זיפץ). יאָ, אַמעריקע. פאַרוואָס האָבן די קריסטלעכע שכנים ניט דערלאָזט, אַז מיסטער קרעמער זאָל קויפן דאָס הויז? איר ווייסט פאַרוואָס? (עס איז שטיל אַ ווײַלע). איצט, לאָמיר באַטראַכטן אייער פאַל. (גיט אַ זופּ פון ליקער). וואָס וועט זיין ווען ביי אייך וועט געבוירן ווערן אַ קינד, וועט איר באמת זיין צופרידן אַז די מוטער זאָל דערציען אייערע קינדער אין אַ יידישן גייסט? . . . (טשאַרלס גיט זיך אַ שטעל אויף. גייט איבערן צימער אָן אומרואיקער. ערלעך פאָלגט אים נאָך מיט די אויגן). און אייערע אייניקלעך וועט איר דערציילן אַז זייער באָבע, אייער געליבטע, וואָס האָט אַלץ און אַלעמען אויפגעגעבן צוליב אייך — איז אַ יידישע? און אַז מרים׳ס עלטערן וועלן קומען זיך שפּילן מיט זייערע אייניקלעך, וועט איר טאַקע זיין צופרידן אַז דאָס שפּילן זאָל פאָרקומען אויף יידיש? . . .

**טשאַרלס:**

(גיט זיך אַ דריי אויס מיט כעס). אָ, די אָפּגעשטאַנענע עלטערן!...

**ערלעך:**

נו, און אייערע עלטערן, און אייערע פריינט, ווי וועלן זיי אויפ־נעמען די נייעס, ווען זיי וועלן זיך דערוויסן, אַז אייערע קינדער ווערן דערצויגן אַלס יידן? נאָך אַלעמען, די מוטער האָט די זעלבע רעכט ווי דער פאָטער, און די מוטער האָט אויך אַ גרויסע ווירקונג אויף

אירע קינדער . . . האָט איר באמת שטאַרק ליב מרים׳ען? . . . זייט איר טאַקע פאַראינטערעסירט אַז זי זאָל זיין גליקלעך? . . . זייט איר טאַקע גרייט צו ברענגען קרבנות? . . .

**משאַרלס:**

(גיט זיך אַ שטעל אָפּ לעבן ערלעכן). אָבער זי, מרים? . . .

**ערלעך:**

(שטעלט זיך אויף). היינט זיינען פאַראַן זייער פיל מענטשן וואָס זיינען ניט רעליגיעז. דאָך, קאָכט אין זיי דאָס בלוט פון זייער פאָלק, וואָס איז אין זיי אַריינגעפלאָסן אין משך פון דורות. זייער נשמה, זייער קוק אויפן לעבן איז טיפּיש ירושה׳דיק . . . מרים איז אָרנטלעך. אומשולדיק. זי גלויבט. אָבער וואָס זאָגט איר? . . .

**מרים:**

(זייער ריידן ווערט מיטאַמאָל איבערגעשלאָגן. מרים גיט אַ קוק אַריין. עס מאכט דעם איינדרוק, ווי זי וואָלט אַנטלאָפן פון עמיצן. נאָך אין דער טיר גיט זי אַ זאָג, אָן אָטעם). אַנטשולדיק וואָס איך האָב זיך פאַרשפּעטיקט . . . (זי דערזעט מיטאַמאָל ערלעכן, גיט זי אַ רוף אויס צו אים אַ דערשראָקענע). וואָס טוט איר דאָ? ווער האָט אייך אַהער־געשיקט? וואָס ווילט איר?

**ערלעך:**

פּראָפעסאָר ברין וועט אייך דערקלערן וואָס איך טו דאָ. אַ גוטע נאָכט. (הייבט אָן גיין).

**משאַרלס:**

(פאַרהאַלט אים). איך בעט אייך, בלייבט נאָך אַ ווײַלע, מיסטער ערלעך. (צו מרים). איך בין צופרידן וואָס דו ביסט גראַדע איצט אַריינ־געקומען. איך האָב אומגעדולדיק געוואַרט אויף דיר. דורך דער צייט, האָב איך זייער פיל געטראַכט. (נעמט זי אַרום). „דאַרלינג״, דו ווייסט אַז איך וויל דיר ניט וויי טאָן. איך וויל אַז דו זאָלסט מיך גרינטלעך פאַרשטיין. נאָך אַ פאַרזיכטיקער איבערטראַכטונג, בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז איך בין ניט ווערט דיין ליבע . . . (מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ גייט ער אָפּ פון איר).

**מרים:**

(דערשראָקן). טשאַרלס, וואָס זיינען דאָס פאַר אַ ווערטער?! . . .

**משאַרלס:**

(קומט צוריק. נעמט אירע הענט אין זיינע אַריין און זעצט זיך



אַוועק מיט איר). מרים, דו ביסט אַ קלוגע. איך בין זיכער אַז דו פאַר־שטייסט מיך. וואַרטנדיק אויף דיר האָב איך גרינטלעך אַנאַליזירט אונדזער צוקונפט. איך בין געקומען צום שלוס — עס איז נאָך צו פרי, די צייט איז ניט רייף אויף איינצובויגן די וואַנט וואָס שטייט צווישן אונדז. דיינע עלטערן ווילן מיך ניט אָננעמען און מיינע עלטערן און פריינט, ווי עס זעט אויס, וועלן אפשר דיך אָננעמען, אָבער מיט גרויס אומצופרידנקייט. אַזאַ בונד קען פירן צו האַס און גאָט ווייסט וואָס. איך בין ניט ווערט דיין ליבע, מרים. (זי זיצט מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ). איך בין ניט פייאיק דיר אַנטקעגן צו קומען מיט דער זעלבער ליבע. (גיט זיך אַ שטעל אויף, מיט אַ זיפץ). איך קאָן ניט ברענגען קיין קרבנות...

**מרים:**

(גיט זיך אַ שטעל אויף מיט כעס). דאָס איז ניט אמת!

**משאַרלס:**

דעם אמת האָב איך פון דיר ביז איצט פאַרבאָרגן. ביז איצט האָב איך דיך גענאַרט. דער אמת איז, איך האָב געזוכט אין דיר בלויז דעם פרויען־רייץ, אָבער ניט דיין האַרץ און ניט דיין ליבע . . . איך שעם זיך שטאַרק . . . (גייט אָפּ אין אַ זייט).

**מרים:**

(צו ערלעכן). דאָס האָט איר אים געמאַכט אַזוי צו ריידן! יאָ, איר מיט . . .

**משאַרלס:**

(גיט אַ קום צוריק. פאַלט אַריין אין די רייד). רייד ניט אַזוי, מרים. מיסטער ערלעך איז אינגאַנצן אומשולדיק. אדרבה, ער איז דיינער אַ גוטער פריינט. איך בין דער, וואָס איז שיעור באַגאַנגען א פאַרברעכן קעגן דיר. מיסטער ערלעך האָט מיך געראַטעוועט.

**מרים:**

אָ, טשאַרלס! . . .

**משאַרלס:**

(זעצט פאָר). ווען איך האָב דיך דערזען אין קלאַס־צימער, האָט זיך אין מיר אָנגעצונדן אַ פייערדיקער פאַרלאַנג דיך צו באַזיצן אַלס פרוי. איך האָב אָבער ביז היינט זיך טיף ניט פאַרטראַכט, וואָס וועט זיין ווען איך וועל ווערן דיין מאַן . . . (קוקט איר גלייך אין פנים אַריין). קאָנסטו מיר פאַרגעבן, מרים? . . .

**מרים:**

(גלייכט זיך אויס. ווישט אויס די אויגן און רעדט מיט כעס). **שווייגט! ווי שעמט איר זיך ניט אַזוי צו ריידן, פּראָפעסאָר ברין?! ווי שעמט איר זיך ניט?! ווי קאָן דאָס אַ מענטש פאַלן אַזוי טיף?! שווייגט כאָטש!** (מיט אַ געבויגענעם קאָפּ און געוויין). **און איך האָב אייך פאַר־געטערט. געווען גרייט צו פאַרלאָזן מיין פאָטערס הויז. מיט מיינע אייגענע הענט האָב איך געזאָלט גראָבן קברים פאַר מיינע טאַטע־מאַמע...** (שרייט היסטעריש). **שווייגט כאָטש! אויב איר האָט אַביסל שאַנד אין זיך, וועט איר בייגן אייער קאָפּ ביז צו דער ערד און אים קיינמאָל ניט אויפהויבן! . . . קיינמאָל ניט! קיינמאָל ניט! . . .** (אַ וויינענדיקע גיט זי אַ לויף אַרויס פון צימער.ביידע יונגעלייט בלייבן שטיין מיט גע־בויגענע קעפּ. איר האַנדלונג האָט איבערגעלאָזן אַ שטאַרקן איינדרוק. אַ לאַנגע פּאוזע).

**ערלעך:**

**עס טוט מיר לייד, הער פּראָפעסאָר.**

**טשארלס:**

(מיט אַ ביטערן שמייכל). **איך טוט לייד און מיר טוט ווי . . .** (מיט אַ זיפץ). **עס וועט בלייבן אַן אומהיילבאַרע וואונד. אָט דאָ אָ.** (ווייזט אויפן האַרצן).

**ערלעך:**

(גייט צו אים צו). **בלויז אַן איידעלער און אינטעליגענטער מענטש, קען אַזוי גרויסמוטיק האַנדלען, ווי איר האָט געהאַנדלט.**

**טשארלס:**

(אין דער זעלבער שטימונג). **עס איז זייער גרינג צו באַגיין אַ נאַרישקייט. עס איז אָבער זייער שווער דאָס צו פאַרריכטן.** (זיפצט) **איר האַלטונג און איר שטאַרקער כאַראַקטער האָט באַוויזן, ווי קליין און נישטיק איך בין.** (עס ווערט פינסטער).

פאָרהאַנג פאַלט

סוף פון דריטן בילד.



## דאָס פערטע בילד

איידער עס ווערט ליכטיק און דער פאָרהאַנג רוקט זיך אַרויף, הערט זיך דאָס שפּילן פון יידישער חתונה־מוזיק. ווען עס ווערט ליכ־טיק געפינען מיר זיך צוריק בא די קרעמערס אין דעם זעלבן גאָרטן. פון די פענסטער שלאָגט אַ ליכט און עס הערט זיך העכער דאָס שפּילן פון דער מוזיק. עס איז ביינאַכט. פון אַ זייט קומען אַרויף מיסטער שאַרף און מיסטער שנייד. ביידע זיינען אָנגעטאָן ווי צו אַ חתונה.

**מר. שארף:**

(אַריינגייענדיק). **פון אַלע מעמבערס אין דער סאָסייעטי, האָט מען גראדע מיך געדאַרפן אויסקלייבן אין דער קאָמיטע, צו דער חתונה. גראדע מיך. האָסט געזען אַ מזל!**

**מר. שנייד:**

**ווען מע וואָלט אייך ניט עלעקטעד, וואָלט איר דאָך געמאַכט סקאַנ־דאַלן.**

**מר. שארף:**

**אויף דער חתונה האָט מען געמעגט אָפּאײַנטן עמיצן אַנדערש.**

**מר. שנייד:**

**פאַרוואָס האָט איר אויסגעשריען „יעס", ווען מע האָט אייך גע־פרעגט צי איר נעמט אָן?**

**מר. שארף:**

**איך האָב אַלעמאָל אָנגענומען, האָב איך דאָס מאָל אויך ניט גע־קענט „רעפיוזן!" די חתונה האָט געדאַרפן זיין צווישן מיין טאָכטער און מיסטער ערלעך. וואָס איז? איך בין פונקט אַזוי רייך ווי דער פעדלערוק. בא מיר וואָלט ער געהאַט פונקט אַזאַ היים, ווי בא אים. איך, איר טאַטע נעבעך, גיי נאָך היינט טאַנצן אויף יענעמס חתונה! טאַנצן וועל איך אים? אַ ברוגז־טאַנץ וועל איך טאַנצן דעם קבצניוק, דעם לעקטשורער. אַ ברוגז־טאַנץ!**

**מר. שנייד:**

**איר הערט, מיסטער שארף, וואָס איך האָב געטראַכט? עס איז אַ**

גוטע זאַך וואָס מיסטער ערלעך האָט חתונה פון אונדזער שטאָט. מע וועט מער ניט דאַרפן אימפּאָרטירן קיין לעקטשורערס. אונדזער סאָ־סייעטי וועט האָבן אַן אייגענעם לעקטשורער און אַן אַ פּעני געלט. מירן שוין האָבן פּלענטי לעקטשורס.

**מר. שאַרף:**

**ווער דאַרף זיינע לעקטשורס, ווער דאַרף? זאָל ער זיך האַלטן מיט זיינע לעקטשורס! מיין סאָסייעטי דאַרף ניט קיין לעקטשורס. איך האָב אַראַנזשירט די לעקטשור, ווייל זיי האָבן געבאָדערט פון ניו־יאָרק און דער באַי דאַרף מאַכן אַ לעבן, האָב איך אים געגעבן אַ „טשענס"! אַז איך וועל זאָגן ניט קיין לעקטשורס, וועט זיין ניט קיין לעקטשורס!**

**מר. שנייד:**

**ער וועט אָבער באַשיינען די סאָסייעטי.**

**מר. שאַרף:**

**אַזוי! ער וועט אוודאי באַלד וועלן ווערן פּרעזידענט אויך! „נאָ סערי"! ניט בעת מיין לעבן! איך וועל אים „פייטן מיט עווערי־טינגג" מיט אַלע מיינע כוחות וועל איך אים פייטן! ער ווייסט ניט מיט וועמען ער האָט זיך אָנגעהויבן! מיין נאָמען איז מיסטער שאַרף!**

**מר. שנייד:**

**וואָס דער גוטער יאָר טראָגט מיך מיט אייך אָנצונעמען אין אַ קאָמיטע, ווייס איך ניט! גיי איך מיט אייך צו אַ ברית, געפעלט אייך ניט דער מוהל. גייען מיר צו אַ חתונה, געפעלן אייך ניט חתן־כלה. גייען מיר צו אַ לוויה, זידלט איר דעם מת. אַלע שמחות פאַרשטערט איר.**

**מר. שאַרף:**

**וועט איר „נעקסט טיים" ניט אָננעמען. ער איז נאָך געדעכט. איר דאַרפט זיין צופרידן וואָס איך נעם אייך אומעטום מיט. האָסט געזען?**

**מר. שנייד:**

**איר קענט מיך גאָרנישט אָפּסטראַשען, מיסטער שאַרף! זעט נאָר אַ וואַרפעניש! האָסט געזען. איר האָט פיינט אַז מע זאָגט אייך דעם אמת „אָניס טי גאָד", מיין רעפּאָרט בא דער סאָסייעטי וועט אייך גאָרניט שמעקן!**

**מר. שאַרף:**

**(מיט אַ שמייכעלע). פאַר אייער רעפּאָרט, זעט איר, האָב איך ווייניק מורא. איך בין דער טשערמאַן פון דער סאָסייעטי און אויך**



דער פינאַנשעל סעקרעטאַר און דער פּיונעראַל דירעקטאָר און מעמ־בערשיפּ דירעקטאָר. (אויפגערעגט). און אויב איך וואַרף זיך, וועל איך זיך וואַרפן וויפל איך וויל און „מיינד יור אָן ביזנעס!" האָסט געהערט, איך טאָר מיך שוין ניט וואַרפן אויך?! היינט וואָלט איך זיך געמעגט אַריינוואַרפן אין ים אַריין!

**מר. שנייד:**

וואָלט איך ערשט „ענדזשאָיעט" די חתונה!

**מר. שאַרף:**

אויך מיר אַ חתונה! אַז ניט דער גוי, איז דער שלעפּער! מיט מיין, טאָכטער דאַרף איך ניט פעדלען!

**מר. שנייד:**

וואו איז דער פּרעזענט, מיסטער שאַרף?

**מר. שאַרף:**

אַ, דער קאָפּ איז מיר אַזוי פאַרדרייט. איבערגעלאָזט אין סטאָר.

**מר. שנייד:**

שיין וועלן מיר אויסזען, אַז די סאָסייעטי וועט ניט זיין פּרעזענטירט מיט איר פּרעזענט.

**מר. שאַרף:**

קומט, לאָמיר געבן אַ פאָר צו, אַז ניט וועלן מיר ווידער פאַרגעסן. (ביידע גייען אין דער ריכטונג פון וואַנען זיי זיינען געקומען). פּרעזענטן דאַרף איך אים נאָך געבן.

ביידע גייען אַפּ. פון הויז הערט זיך די מוזיק. דורך די פענצטער זעט מען ווי מע טאַנצט אינעווייניק. פון דער רעכטער זייט טאַנצן אַריין דוד און מייטע. ביידע זיינען אויסגעפּוצט אין פריילעך. די מוזיק הערט אויף שפּילן. מייטע פאַלט אַוועק אַ מידע אויף אַ באַנק. דוד האַלט אין איין טאַנצן מיט אַ פלעשל אין דער האַנט.

**מייטע:**

מיסטער דוד, איר וועט נאָך פאַלן, די מוזיק האָט דאָך שוין אויפ־געהערט.

**דוד:**

(גיט איר אַ צי צום טאַנצן). טאַנץ, מייטע, טאַנץ, אַז מע טאַנצט אויף יענעמס חתונה, דערלעבט מען אויך צו טאַנצן אויף אַן אייגענע.

**מייטע:**

(בלייבט זיצן אַ טרויעריקע). ביז איך וועל דערלעבן צו טאַנצן אויף מיין חתונה, וועל איך שוין ניט האָבן קיין פיס, מיט וואָס צו טאַנצן. (ווישט דאָס פנים).

**דוד:**

(טאַנצדיק, וואַקלט ער זיך, זוכט אַ פלאַץ). מייטע, איך פאַל!

**מייטע:**

איר האָט היינט צופיל געטרונקען.

**דוד:**

(אַ וואַקלדיקער טאַנצט ער נאָך). היינט האָב איך געמוזט. (ער איז אָן כוחות).

**מייטע:**

ווען מוזט איר ניט? (ער גיט אַ פאַל צו איר אין שויס). איר ווייסט כאָטש, אַז איר ליגט בײַ מיר אין שויס? (פרובירט זיך אָפּרוקן). מער־דער! . . . מענטשן וועלן דאָך מיינען . . . גייט אַראָפּ!

**דוד:**

מייטע מיין „דאַרלינג", לאָמיר זיך היינט ניט קריגן.

**מייטע:**

(האַלט זיך אין איין אָפּרוקן פון אים). מיסטער, ועמען גייט איר איינריידן, אַז איר זייט שוין אַ זיבעציקער? (זי זיצט שוין אָפּגערוקט פון אים. זי מאַכט זיך גלייך דאָס קלייד און די האָר). ס׳זאָל אייך נאָר ניט פאַררעכנט ווערן, וואָס איר האָט איצט געטאָן צו מיר . . .

**דוד:**

(גיט אַ טרונק פון פלעשל). לחיים, מייטע! (שטופּט דאָס פלעשל אין איר האַנט אַריין). נאַ, טו אויך אַ זופּ!

**מייטע:**

(נעמט דאָס פלעשל). כ׳האָב מורא! איר ווילט מיך אָנשיכורן! איך קען אייך, מענער! „איי גאָט יור נאָמבער!" (גיט אַ שמעק אין פלעשל און שטופּט עס צוריק).

**דוד:**

(לאַכט). האָב קיין מורא ניט. וואַרעם זיך אָפּ אַביסל. ביסט דאָך איינגאַנצן אַ שטיק אייז! (ער שטופּט איר ווידער דאָס פלעשל. זי נעמט



ניט. ער גיט אַליין אַ זופּ, פאַסמאַקעוועט זיך). האאא . . . עס מאַכט פאַרגעסן אַלע צרות. (מיט אַ זיפץ). אַמאָל בין איך אויך געווען אַ מענטש, מיט מענטשן גלייך. געהאַט אַ ווייב, קינדער . . .

**מייטע:**

איצט זע איך שוין, אַז איר זייט שיכור. איר האָט געהאַט אַ ווייב? (לאַכט).

**דוד:**

(אין אַ טרויעריק געמיט. הייבט אויף דעם קאָפּ). צוויי בלויע אויגן מיט צוויי לאַנגע צעפּ האָט מיין קאַטינקע געהאַט. און מיינע קינדער? ווי אַ פרינץ מיט אַ פרינצעסן. (זיפצט. לאָזט אַראונטער דעם קאָפּ). יאָ, מייטע, יאָ . . .

**מייטע:**

גייט שוין, גייט. (רוקט זיך צו נעענטער צו אים). איצט זע איך, אַז איר ווייסט טאַקע ניט, וואָס עס טוט זיך מיט אייך. (רוקט זיך צו נאָך נעענטער. קוקט אים אין פנים אַריין).

**דוד:**

(ווי צו זיך אַליין. ער קוקט אין דער ווייטקייט אַריין. מיט אַ טיפן זיפץ). אָט, שטייען זיי פאַר מיינע אויגן. מיין זון און מיין טאָכטער, ועמען מיין קאַטינקא האָט מיר געגעבן. (עס איז שטיל אַ ווײַלע. ער ווישט מיטן פינגער אויס אַן אויג). לאַנג האָט מיין גליק ניט אָנגעהאַלטן. אירע זיינען געקומען, די פרעמדע, פאַרשטייסטו מיך, די וואָס האָבן דיך און מיך פיינט, און צוגענומען מיין קאַטינקע און מיינע קינדער פון מיר. עס איז איר צו דושנע, זי קען ניט אָטעמען אונטער איין דאַך מיט אַ יידן, האָט זי געזאָגט! זיי זיינען אַוועק און מיטגענומען מיין האַרץ מיט זיך. איך בין אַ צעבראָכענער מענטש, מייטע. איך בין אַ פאַרהייראַטער מאַן און האָב ניט קיין ווייב. איך בין אַ פאָטער און האָב ניט קיין קינדער. שוין פינף און פערציק יאָר. פינף און פערציק יאָר זיינען מיינע אויגן פאַרשטעלט דורך אַן אייזערנער וואַנט. (לאָזט אַרונ־טער דעם קאָפּ. ווישט די אויגן). ניט געטאַנצט אויף מיין טאָכטערס חתונה, טאַנץ איך אויף מרים׳ס חתונה . . . זי איז דאָך בײַ מיר, ווי אַן אייגן קינד.

**מייטע:**

(זיפצט מיט סימפּאַטיע). סאַראַ טרויעריקע געשיכטע.

**דוד:**

(זיפצט). איי, מייטעלע, ניט גוט איז דאָס לעבן אויף דער וועלט.

**ניט גוט. קידער־ווידער. אַז דו זאָגסט טאָג, איז ווייל דו זאָגסט טאָג, מוז דער צווייטער זאָגן נאַכט.** (ווי צו זיך אַליין). **און אפשר איז גאָר דעם מענטשנס גליק דאָס, וואָס ער איז אומגליקלעך.** (ווי אַ רעזיגנירטער). **ווער קען וויסן? איך בין שוין צו אַלט, צו גריבלען זיך. די וועלט וואָלט געקענט זיין אַ גאָרטן, וואו פאַרשיידענע בלומען לאָזן פריי אַרויס זייערע ריחות. ווען איך זע ווי עס שאָקלען זיך די ביימעלעך וואָס איך האָב געפלאַנצט, פיל איך, אַז איך האָב אויך עפּעס אויפגעטאָן אויף דער וועלט. שוין צוואַנציק יאָר ווי איך ווער דאָ אויסגעווייקט פון דעם געטרייען רעגן און ווער שוואַרץ פון דער ליבער זון. מרים׳ל איז דאָך ווי מיין קינד. איך האָב דאָך זי געגיאַנטשעט . . . פאַרשטייסט פאַרוואָס איך בין היינט פריילעך? . . .** (הייבט אָן איינשלאָפן). **איך בעט נאָר בא גאָט: על תשליכנו לעת זקנה . . . אַלץ פאַרשפּילט אין מיינע יאָרן.**

מייטע זיצט מיט פאַרלייגטע הענט. ער דרימלט איין. זי שאָקלט מיטן קאָפּ ווי זי וואָלט געהאַט רחמנות אויף אים. אין דעם מאָמענט גיט מרים אַ קום אַרויס פון הויז, אָנגעטאָן אין אַ חתונה־שלייער אויפן קאָפּ. זי מאַכט דעם איינדרוק ווי זי אַנטלויפט. איר פּנים איז בלאַס. זי ב׳ייבט שטיין אַ צעטראָגענע. מייטע גיט אַ ל׳יף צו איר אַ דערשראָקענע.

**מייטע :**

**מרים, גאָט איז מיט דיר. אַ כלה טאָר ניט אַרויסגיין אַליין אין סטרים.** (נעמט איר אָן פאַר דער האַנט) **קום צוריק אַריין אין הויז, מרים.**

**מרים :**

**איך וויל ניט זיין כלה. איך וויל מיט אים ניט חתונה האָבן.** (באַפרייט זיך פון מייטעס הענט).

**מייטע :**

**איך גיי זאָגן דער מאַמען.** (הייבט אָן גיין).

**מרים :**

(פאַרהאַלט איר). **מייטע, העלף מיר אַנטלויפן! „פּליז״, מייטע!**

**מייטע :**

(בלייבט דערשטוינט). **„יו אַר קרעיזי״!**

**מרים :**

**טשאַרלס האָט מיך ליב. איך פיל עס. ער איז ניט קיין פאַרדאָרבענער. ניין! מע האָט אים געצוואונגען אַזוי צו ריידן!**



**מייטע :**

**אָבער מיסטער ערלעך . . . דיין חתן . . .**

**מרים :**

**איך גיי צו מיין טשאַרלסן . . .**

**מייטע :**

(כאַפּט איר פאַר דער האַנט). **איך וועל דיך ניט לאָזן, מרים! דער טאַטע, די מאַמע — שאַנד און ווייטיק . . . ווייי איז מיר, וואָס עס איז געוואָרן פון אונדזער משפחה . . .**

**מרים :**

(גיט זיך אַ ריס פון מייטעס הענט. שטופּט מייטען דעם שלייער אין האַנט אַריין און לויפט שרייענדיק). **וואַרט אויף מיר, טשאַרלס. איך קום, וואַרט . . .** (אָפּ).

**מייטע :**

(שרייט אין הויז אַריין). **קלמן! רחל!** (אין דער ריכטונג וואו מרים איז געלאָפן). **מרים, קום צוריק!** (כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ). **קלמן! רחל! אוי, מענטשן!** (זי לויפט אַרום ווי אַן אָפּגעבריטע מיטן שלייער אין האַנט און שרייט).

פון הויז קומען אַרויסצולויפן קלמן, רחל, ערלעך, שנייד און שאַרף און נאָך מענטשן. דוד כאַפּט זיך אויף פון איר שרייען. ער רייבט די אויגן.

**דוד :**

(נאָך אַ פאַרשלאָפענער). **וואָס איז, וואָס איז געשען, מייטע?**

**רחל :**

(דערשראָקן). **וואָס שרייסטו, מייטע?!**

**מייטע :**

(שטופּט איר דעם שלייער אין האַנט אַריין. קאָן ניט כאַפּן דעם אָטעם). **זי איז אַנטלאָפן.** (ווייזט אין דער ריכטונג וואו מרים איז געלאָפן). **ווייי איז מיר, ווינד איז מיר. מיינע אויגן האָבן דאָס געדאַרפן צוזען . . .** (וויינט אויפן קול).

אַלע שטייען פאַרשטיינערט. עס איז שטיל ווי אויף אַ בית עולם. בלויז מייטע ברעכט די הענט און לויפט אַרום אַ וויינענדיקע. רחל מיט טרערן אין די אויגן לויפט אין דער ריכטונג וואו מרים איז אַוועק און רופט מיט געבעט).

רחל:

ניין, ניין. מיין מרים . . . מרים, טאָכטער מיינע . . . מרים! . . .

קרעמער:

(אויפגערעגט, צו מייטען). פאַר דער חופה איז זי אַוועק צום קריסט?! (לאָזט זיך גיין). איך וועל איר צוריקברענגען! אַ לעבעדיקע אָדער אַ טויטע!

דוד:

(שטעלט אים אָפּ). דו וועסט עס ניט טאָן, קלמן! (באַפעלעריש). דו הערסט? וועסט ניט גיין!

ערלעך:

ניין, מיסטער קרעמער. איר דאַרפט איצט ניט גיין. „יעקב וועט ניט פאַרגיסן קיין בלוט!"

קרעמער:

(אין כעס). אַ, „יעקב" טאָר ניט! צו יעקבן מעג מען אַלץ טאָן. יעקבס בלוט אי'ז וואַסער! (צו אַלעמען מיט געבעט). יעקבס האַרץ מעג מען שניידן אויף שטיקער! (מיט אַ ביטערן שמייכל). „גם זו לטובה" דאַרף יעקב זאָגן! ניין!! דאָס מאָל וועל איך ווייזן אַז איך האָב אויך פויסטן! אַז איך קען אויך דערלאַנגען! (מאַכט אַ פויסט).

ערלעך:

באַרואיקט זיך, מיסטער קרעמער. געדולד, מיסטער קרעמער. איר זייט אַ ייד! . . . ווען עס וועט זיין נויטיק, ווען די צייט וועט קומען, וועלן מיר האַנדלען. מיר וועלן אפילו באַנוצן זיך מיט אונדזערע פויסטן...

אַלע בלייבן שטיין אָן לשון. קלמן שטייט מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. רחל און מייטע ברעכן די הענט און וויינען. דוד שטייט אין אַ זייט און זיפצט. שנייד און שארף קראַצן זיך אין די קעפּ. ערלעך שטייט אַן אויפגערעגטער, אויסגעצויגן גלייך, ווי ער וואָלט איצט העכער געוואָרן און קוקט מיט כעס אין דער ווייטער ווייטקייט אַריין. עס ווערט פינצטער.

פאָרהאַנג פאַלט.

סוף פון פערטן בילד.



## דאָס פינפטע בילד

צוריק בא פראָפעסאָן ברין אין קאַבינעט. ווען דער פאָרהאַנג רוקט זיך אַרויף, זיצן מרים און רחל אויף אַ קאַנאַפּע, איינע לעבן דער צווייטער, פאַרטרויערט. רחל זיצט מיט פאַרלייגטע הענט און מרים קוקט אויפן דיל. זיי זיינען אין מיטן אַ געשפּרעך.

מרים:

איך ווייס דיר ניט וואָס צו ענטפערן, מאַמע. ס'איז מיר אים שווער צו פאַרשטיין. ער איז אַ געלערנטער, אַן אינטעליגענטער און דאָך . . . איך ווייס אַליין ניט.

רחל:

(זיפצט און קוקט אויף דער טאָכטער). ער איז דאָך אַ פרעמדער, ניט קיין ייד, נעמט אַביסל לענגער זיך צוצוגעוואוינען.

מרים:

(קוקט אויפן דיל, ווי פאַרשעמט). איך ווייס ניט, מאַמע. וואָס ווייטער איך גיי, אַלץ שווערער איז דער וועג. וואָס נעענטער איך ווער צו אים, אַלץ ווייטער, דאַכט זיך מיר, ווערן אונדזערע געפילן. וואָס מער מיר זיינען צוזאַמען, אַלץ ווייניקער פאַרשטייען מיר זיך. איך הייב אָן טראַכטן, אַז פון דער ווייטנס איז די ליבע שטאַרקער. (רייבט זיך דעם שטערן פון אומרואיקייט). איך בין צעמישט. איך ווייס אַליין ניט וואָס צו טראַכטן . . .

רחל:

(האַלט זיך איין פון וויינען). דו ווייסט אַ סך, מיין קינד. איך דערקען אין דיינע אויגן, אַז דו שלאָפסט ניט קיין נעכט. זאָג מיר, מיין קינד, וואָס דריקט דיך אויפן האַרצן . . . פאַר אַ מאַמען באַהאַלט מען זיך ניט . . . אַ מאַמע דערקענט . . .

מרים:

פאַרוואָס זאָל דאָס זיין אַזוי, מאַמע? מיר זיינען דאָך אַלע מאָדערנע, ציוויליזירטע מענטשן.

**רחל:**

איי, מיין קינד, אלע צרות קומען פון מענטשן. ווען מענטשן וואלטן אויף אן אמת געוואלט פארשטיין איינער דעם צווייטן, וואלט ניט געווען קיין מלחמות, קיין פאגראמען, מיט גאז־אויוונס און קאנצענטראציע לאגערן . . . נו יא, וואס וואלט זיי געארט אז יידן זאלן זיין יידן און זיין מיט אלעמען גלייך? . . .

**מרים:**

יא, כ׳האב שיעור פארגעסן. וואס מאכט דער טאטע?

**רחל:**

(זיפצט). דער טאטע? ווען אים ניט דערקענען. גרוי געווארן און שטארק געעלטערט. ער בייזערט זיך ניט מער. ער רעדט גארניש. (מיט טרערן אין האלדז). און מיסטער ערלעך איז אויך אויס מענטש. ער גייט ארום אן א קאפ. ער האלט זיך אין איין פרעגן אויף דיר. אוי, גאטעניו . . .

**מרים:**

(גיט זיך א שטעל אויף). מיסטער ערלעך איז נאך דא אין שטאט? ער איז ניט אוועקגעפארן?!

**רחל:**

(אין זעלבן טאן). ער איז געווען אוועק און איז ווידער געקומען גענבן לעקציעס.

**מרים:**

וואו וואוינט ער?

**רחל:**

וואו זאל ער וואוינען? ער וויל בא קיינעם ניט שטיין, נאר בא אונדז . . . (ווי צו זיך). אזא איידעלער, אזא צארטער . . . ער האלט זיך אין איין פרעגן אויף דיר.

**מרים:**

(עס איז שטיל א ווײלע. זי גייט אומרואיק הין און צוריק. מיטאמאל גיט זי א קוק אויפן האנט זייגערל). גיי איצט, מאמע. טשארלס וועט דא באלד זיין. ער איז זייער בייז, ווען ער דערוויסט זיך, אז דו ביסט דא געווען. (קושט דער מוטער). גיי, מאמע.

**רחל:**

(שטעלט זיך אויף. נעמט ארום מרים׳ען, קושט זי מיט גשווין).



שיין דערלעבט, מיין אייגן קינד טרייבט מיך פון איר הויז. (זיפצט).

**מרים:**

(פירט דער מוטער צו דער טיר). גיי מאמע, גיי. (דערשראקן) מיר האבן זיך צופיל פארעדט. ער וועט דא באלד זיין.

לעבן דער טיר גיט מרים דער מוטער א שנעלן קוש און פארמאכט שנעל די טיר. זי גייט הין און צוריק אומרואיק און פארטראכט. זי גיט זיך א כאפ פארן קאפ. זעצט זיך צוריק אוועק אויף דער קאנאפע מיט אן אראפגעלאזענעם קאפ. זי זיצט ניט לאנג. גיט זיך שנעל א הייב אויף און גייט אריין אין צווייטן צימער. דארט שטעלט זי אן די ראדיא. מיר הערן ווי דער ראדיא שפילט עפעס קלאסישע מוזיק. די בינע איז א קורצע ווײלע ליידיק. טשארלס גיט א קום אריין, א בייזער. ער גיט א ווארף דעם הוט אויפן שרייבטיש. זעצט זיך אוועק און פארטיפט זיך אין שרייבן. מיטאמאל גיט ער זיך א שטעל אויף. ער גיט א לויף צו דער טיר פון וואנען עס הערט זיך די מוזיק און שרייט אריין מיט כעס.

**טשארלס:**

„סטאפעט”! דו מוזט איצט שפילן די ראדיא?!

די מוזיק ווערט מיטאמאל אנטשוויגן. ער זעצט זיך צוריק צו זיין ארבעט. נאך א קורצער ווײל קומט מרים אריין. זי גייט צו דער שאפע, נעמט ארויס א בוך און זעצט זיך אויף דער קאנאפע לייענען. נאך א קורצן שטילשווייגן, ווענדט זיך טשארלס צו איר, ניט צונעמענדיק די אויגן פון זיין ארבעט.

**טשארלס:**

זי איז דא ווידער געווען. איך האב זי געזען ארויסגיין פון הויז. (מרים ענטפערט ניט). זיך ווידער גוט אויסגעוויינט און ווי אלעמאל, מיך ווידער בארעדט. (עס איז שטיל. רעדט מיט א העכערן טאן). ווידער פלאנירט מיר שלעכטס צו טאן . . . (סארקאסטיש). א, איך קען זיי, די יידישע מאמעס . . . (מרים ענטפערט ניט. ער ווערט בייז). רעד! פארוואס רעדסטו ניט?!

**מרים:**

(נעמט ניט אראפ די אויגן פון בוך). צו וואס פרעגן, אז דו ווייסט דאך אלצדינג.

**טשארלס:**

איך ווייס. איך ווייס אז זי פלאנירט מיר שלעכטס צו טאן!

**מרים :**

(הייבט אויף דעם קאָפּ מיט שטאָלצקייט). זי? . . .

**טשאַרלס :**

אָ, דו ווייסט, איך מיין דיין מוטער!

**מרים :**

מיין מוטער האָט דיך געלאָזט גריסן. איך פאַרזיכער דיך, אַז זי איז דיר ניט קיין שונא. איך קען דיך אויך פאַרזיכערן, אַז זי ווינטשט דיר ניט קיין שלעכטס. ניט נאָר דיר ניט, נאָר קיינעם ניט.

**טשאַרלס :**

(הייבט אויף דעם קאָפּ צו מרים). ס'איז שווער פאַר דיר. איך ווייס, דו האָסט דיין לעבן צעבראָכן אין צווייטען. (מיט אַ זיפץ). אויך מיין לעבן איז צעבראָכן. מיינע פריינט האָבן זיך אָפּגעקערט פון מיר. (גיט זיך אַ שטעל אויף). אפילו מיין מוטער באַהאַנדלט מיך איצט ווי אַ שטיף־קינד. (דערנעענטערט זיך צו איר). אַלץ צוליב דיר! דו ביסט שולדיק! דו האָסט ניט געדאַרפט קומען יענעם אָוונט צו מיר.

**מרים :**

אמת, איך אנערקען מיין טעות. אַלעמען איבערגעלאָזט און געקומען צו דיר. האָסטו, ווי אַ פּראָפעסאָר, עלטער פון מיר און אויך פּראַקטישער, האָסטו מיך דאַמאָלט געדאַרפן צוריקשיקן אַהיים.

**טשאַרלס :**

דו באַדויערסט וואָס ביסט געקומען צו מיר יענעם אָוונט? . . . (זי ענטפערט ניט. עס איז שטיל אַ ווײַלע. ער קוקט אויף איר. זי האַלט די אויגן אין בוך). ס'איז פאַר דיר שווער צו לעבן אַ טאָפּלט לעבן, מרים. זיין אָפּגעזונדערט פון עלטערן און פריינט . . . (זי ענטפערט ניט). ווי לאַנג קענען מיר אַזוי לעבן אין איינזאַמקייט? . . . דו באַ־ווײַנסט דיין מזל און איך לייד שטילערהייט . . . ניט נאָר מיין מוטער, נאָר מיין גאַנצע פאַמיליע וויל ניט שלום מאַכן מיט מיין שריט.

**מרים :**

(גיט אַ פאַרמאַך דעם בוך און קוקט צו אים גלייך). שוין באַלד אַ יאָר אַז איך הער פון דיר דיזעלבע רייד. נו גוט, מיר מוזן שלום מאַכן מיטן פאַקט. וואָס דענקסטו אָבער, זאָלן מיר טאָן?

**טשאַרלס :**

קיין קינד ווילסטו אויך ניט האָבן. אין דעם באַשולדיק איך דיך ניט. אין דעם איז שולדיק די יידישע מאַמע. (לאַכט סאַרקאַסטיש).



**מרים :**

(מיט כעס). דאַכט זיך, אַז דו האָסט מיר צוגעזאָגט, אַז וועסט מער ניט ריידן וועגן דעם.

**טשאַרלס :**

(זעצט זיך לעבן איר. נעמט אירע הענט אין זיינע. זי זיצט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ). נו, גוט, מיר וועלן מער ניט ריידן וועגן דעם. זאָג זשע מיר, מרים, וואָלט איצט געווען פאַר דיר צו שווער, זיך אומצוקערן אַהיים? . . . (קוקט איר אין פנים אַריין). אויב עס איז שווער, וועל איך אויך וועגן דעם מער ניט ריידן.

**מרים :**

מיר זאָלן זיך שיידן?

**טשאַרלס :**

ווי פריינט. קיין אַנדערן אויסוועג זע איך ניט.

**מרים :**

(זיפצט. באַפרייט אירע הענט פון זיינע). יאָ, עס איז געווען אַ שיינע ראָם, אָבער מיין בילד קען זיך אין דעם ניט אַריינפּאַסן. מיין פאָטער איז געווען גערעכט, ווען ער האָט אין זיינע פשוטע ווערטער געזאָגט — געפילן זיינען שטאַרקער פון אַלע שיינע ווערטער. (עס איז שטיל אַ ווײַלע. מיטאַמאָל גיט זי זיך אַ שטעל אויף). ווען ווילסטו, זאָל איך דיך פאַרלאָזן?

**טשאַרלס :**

(שטעלט זיך אויך אויף). פאַרשטיי מיך,מרים, איך מיין דיין טובה...

**מרים :**

איך פאַרשטיי דיך זייער גוט. איך בין ניט פאַרטרויערט פון דעם וואָס דו מיינסט. איך בין בייז אויף זיך אַליין. ס'איז מיר אַ חרפה צו טראַכטן, אַז איך האָב געליבט אַ מאַן וואָס האָט נאָר ליב זיך אַליין. אַלץ וואָס דו האָסט געפּריידיקט וועגן הומאַניזם, מענטשן־ליבע און זעלבסט אָפּפערונג האָסטו אפילו גאַרנישט געמיינט. בא זיך אין האַרצן האָסטו זיך אַליין אויסגעלאַכט, פון דיינע אייגענע ווערטער. איך בין אין כעס אויף זיך אַליין, פאַרוואָס איך האָב גענומען ערנסט דיינע ווערטער. אפילו דיינע לעקציעס האָב איך געלערנט פון אויסנווייניק. (מיט אַ טיפן זיפץ). איך קען דיר נאָר זאָגן איין זאַך, טשאַרלס, גייסטיק שוואַכע און פאַלשע מענטשן, וואַרפן דעם דורכפאַל פון זייער גלויבן, אויף עמיצן אַנדערש. (לאַכט מיט אַ ביטערן שמייכל).

**טשארלס:**

דו ווילסט דאָך ניט, אַז אַזוי זאָל זיך עס ענדיקן, מרים? . . . מרים, מיר זיינען ניט גרייט פאַר דעם אַקט. אפשר אַמאָל, שפּעטער . . .

**מרים:**

(מיטן זעלבן געלעכטער. ווי צו זיך אַליין). שפּעטער, אַמאָל, אין דער צוקונפט ווען מיר האָבן מער שׂכל. מער און בעסער פאַרשטיין, אַז זיסע ווערטער פאַרמאָגן אַ סך גיפט אין זיך. (לאַכט מיט באַדויערן). איך האָב שוין אַ סך געלערנט. איך פאַרשטיי שוין איצט אַז די גרעסטע נאַרישקייט וואָס אַ יונגער מענטש באַגייט איז, וואָס ער רעדט זיך איין, אַז ער ווייסט בעסער און מער פון דעם עלטערן . . . די לעקציע האָט מיך צו טייער געקאָסט. דער אַלטער דוד איז גערעכט — „די שענסטע בלום וועלקט אויף אַ פרעמדן באָדן". (זי גיט אַ כאַפּ איר מאַנטל וואָס ליגט אויף אַ שטול). גוט באַי, הער פּראָפעסאָר. איך האָב זייער פיל געלערנט בא אייך. (זי גיט האַסטיק אַן עפן די טיר און לויפט אַרויס).

טשארלס בלייבט שטיין. אָטעמט אָפּ פרייער. זיין פּנים שמייכלט. מאַכט גלייך די האָר. אין דעם מאָמענט גיבן אַ קום אַריין זיינע טאָטע־מאַמע, מיסטער און מיסעס ברין. די מוטער לויפט גלייך צו איר זון, וואָס שטייט נאָך פאַרטראַכט פון דער פריערדיקער געשעעניש.

**מר. ברין:**

(שטייענדיק נאָך בא דער טיר). נו, טשאַרלי, וואָס איז געוואָרן?...

**טשארלס:**

(נאָך אַלץ פאַרטראַכט). אָ, מאַמאַ! (נעמט אַרום די מוטער). אָ, פּאַפּאַ!

**מרס. ברין:**

נו, טשאַרלי?

**טשארלס:**

יאָ, אַלץ געענדיקט! (גייט צום פאָטער). געענדיקט! פּטור געוואָרן.

**מרס. ברין:**

(מיט פרייד). אויף אַן אמת?

**מר. ברין:**

איך מיין חלילה ניט קיין שלעכטס. זי איז זייער אַ פיינע מיידל, אָבער ניט קיין אונדזעריקע . . . דאַנקען גאָט וואָס עס האָט זיך אַזוי לייכט געענדיקט.



**טשארלס:**

(מיט אַ צופרידענעם שמייכל). עס האָט זיך געענדיקט לייכטער, ווי איך האָב מיך פאָרגעשטעלט.

**מרס. ברין:**

(דורך טרערן, מיט גרויס פרייד). איך האָב צוריקגעוואונטשן מיין קינד. מיין קינד איז צוריק אַהיים געקומען. (נעמט אים אַרום און קושט אים). דאַנקען גאָט. עס איז געווען גאָטס ווילן . . . גאָטס ווילן . . .

**מר. ברין:**

ווי אַזוי האָסטו עס געמאַכט? ביסט טאַקע אַ פּראָפעסאָר. איך בין שטאָלץ מיט דיר וואָס האָסט איינגעזען, אַז מ'דאַרף אַמאָל פאָלגן אַ טאַטן אויך.

נו, לאָמיר גיין אַהיים . . . באַם גלעזל בראַנפן וועסטו דערציילן ווי אַזוי עס איז פאָרגעקומען.

זיי הייבן אָן גיין, געאַרעמט. עס ווערט פינצטער.

פאָרהאַנג פאַלט.

סוף פון פינפטן בילד.

## דאָס זעקסטע בילד

ווען דער פאַרהאַנג הייבט זיך אויף, טרעפן מיר רחל און מרים שלאָפנדיק אין דער זעלבער פּאָזע, ווי מיר האָבן זיי איבערגעלאָזן אין דעם צווייטן בילד פון דעם צווייטן אַקט. זינגענדיק, האָט רחל דאַמאָלט איינגעשלעפערט דער טאָכטער. אַזוי זיצנדיק איז זי אויך איינגעשלאָפן, האַלטנדיק דער טאָכטערס קאָפּ אויף איר שויס. איצט איז שוין שפּעט אין דער נאַכט. רחל וועקט זיך. זי באַמערקט ווי מרים שלאָפט, גלעט זי איר דעם קאָפּ. וועקט זי מיט ליבשאַפט און צערטלעכקייט. רחל איז אַ גליקלעכע וואָס זי האַלט דאָס קינד לעבן זיך.

**רחל :**

**מרים, קינד מיינס, דו שלאָפסט?**

**מרים :**

(גיט זיך אַ כאַפּ אויף. רייבט די אויגן). **וואו בין איך? . . .** (זעצט זיך גלייך).

**רחל :**

**ביסט לעבן מיר, מיין קינד.** (מיט אַ שמייכל). **ווי עס זעט אויס, זיינען מיר דאָ איינגעשלאָפן.**

**מרים :**

(רייבט זיך דאָס פּנים). **אוי, מאַמע . . .**

**רחל :**

**וואָס איז, מיין קינד?**

**מרים :**

(קען אַלץ ניט קומען צו זיך). **פאַרוואָס איז אַזוי פינסטער? איך פאַרשטיי ניט . . .**

**רחל :**

(מיטן זעלבן שמייכל). **עס מוז שוין זיין שפּעט. דו ביסט געשמאַק געשלאָפן, האָב איך דיך ניט געוואָלט וועקן. אַזוי בין איך, ווי עס**



**זעט אויס, אויך איינגעשלאָפן.** (לאַכט). **נאָך אַ גליק וואָס מיר זיינען איינגעשלאָפן אין אונדזער אייגענעם גאָרטן, ניט אין קיין פרעמדן . . .**

**מרים :**

(גיט זיך אַ שטעל אויף). **קום אַהיים, מאַמע. קום!** (אומגעדולדיק). **דער טאַטע . . .**

**רחל :**

(שטעלט זיך אויף). **וואָס דער טאַטע?**

**מרים :**

**ווי זעט אויס דער טאַטע? איך וויל זען דעם טאַטן.**

**רחל :**

**קענגן וואָס פרעגסטו, מיין קינד? . . .**

**מרים :**

(אומרואיק). **גאָרנישט. גאָרנישט, מאַמע. קום אַריין אין הויז. איך וויל זיין צוזאַמען מיט דיר, מיטן טאַטן, מיט דוד'ן, מיט . . .**

**רחל :**

(בלייבט שטיין פאַרוואונדערט. קוקט אויף דער טאָכטער). **אוי, קינד מיינס, זאָלסט נאָר וויסן וואָס דיינע ווערטער מיינען פאַר טאַטע־מאַמע . . .** (זיפצט). **אוי, גאָטעניו . .**

**מרים :**

(נעמט די מוטער אונטערן אָרעם און הייבט אָן גיין מיט איר. רעדט נאָך אַלץ פון שלאָף, צו זיך אַליין). **אפשר שפּעטער, אַמאָל וועלן מיר האָבן מער שכל און בעסער פאַרשטיין.**

**רחל :**

(שטעלט זיך אָפּ). **וועגן וואָס רעדסטו, איך פאַרשטיי דיך ניט . . .**

**מרים :**

**דוד איז גערעכט. ער איז אַ קלוגער ייד. ער פאַרשטייט. מיסטער ערלעך איז טאַקע ערלעך. אים פּאַסט דער נאָמען.**

**רחל :**

(קוקט דער טאָכטער אין פּנים אַריין פאַרוואונדערט). **וואָס מיסטער ערלעך?!** (לייגט צו די ליפּן צו דער טאָכטערס שטערן, זען צי זי האָט היץ).

**מרים:**

(שמייכלט דער מוטער נאַאיוו אין פּנים אַריין). איך האָב ניט קיין היץ, מאַמע. איך מיין מיסטער צבי ערלעך. דער לעקטאָר. ער איז איידל, קלוג און איבערגעגעבן. די הויפּט זאַך, ער איז אַן אייגענער. דו פאַרשטייסט, מאַמע? — אַן אייגענער!

**רחל:**

(גיט איר אַ קוש אין קאָפּ אַריין). ווען איך וואָלט דיך ניט פאַרשטאַנען, וואָלט איך דיין מאַמע ניט געווען. (מיט טרערן אין די אויגן). אַ מאַמע פילט, אַ מאַמע פאַרשטייט איר קינד.

**קרעמער:**

(מיטאַמאָל ווערט ליכטיק אין די פענסטער פון הויז. עס גיבן אַ קום אַרויס פון הויז קרעמער, ערלעך און דוד. ווי נאָר ער האָט זיי דערזען). וואו זייט איר געווען? מיר האָבן שוין ניט געוואוסט וואָס איבערצוקלערן! אין אַלע מואווים זיינען מיר געווען. אין דער לייברערי און וואו זיינען מיר שוין ניט געווען? (דערנענטערט זיך צו זיי). וואו איז מען דאָס געווען, די מאַמע מיט דער טאָכטער? אפשר מעג איך אויך וויסן? . . .

**רחל:**

(האַלט מרים לעבן זיך). אויב דו ווילסט זיך קאָכן, וואָלט געווען גוט, אַז דו זאָלסט עס איבערלאָזן אויף אַן אַנדערש מאָל.

**מרים:**

(פאַלט אַריין אין די רייד). עס שאַדט ניט, מאַמע, לאָז דעם טאַטן ריידן. אַ טאַטע מעג. (אַלע זיינען פאַרוואונדערט פון איר פּלוצימדיקן אויסדרוק. זי גייט צום טאַטן און נעמט אים אַרום מיט פרייד)...

**קרעמער:**

(צו ערלעכן. מיט פרייד און טרערן אין האַלדז). נו, זאָגט איר שוין אַליין, האָט איר באַגעגנט אין אַמעריקע אַזאַ קינד? . . . (גיט אַ וויש מיטן פינגער אַ טרער פון אויג). נו . . . האאאא! . . .

**ערלעך:**

(קומט אַרונטער אין גאָרטן, מיט פרייד). ניין, מיסטער קרעמער. אַ יידיש קינד מיט אַ יידיש האַרץ ווערט ניט פאַרלוירן. אומזיסט געווען אייער שרעק.

**רחל:**

מיר האָבן גאָרנישט באַמערקט, ווי מיר זיינען דאָ ביידע איינגעשלאָפן . . . (שמייכלט).



**דוד:**

(צעלאַכט זיך). מיינע ווערטער. (צו קרעמערן). איך האָב דיר געזאָגט, אַז זיי מוזן ערגעץ זיין אין גאָרטן. האָסט מיך ניט געוואָלט פאָלגן. (צו ערלעכן). דאָס איז ווען מע פאָלגט ניט אַן עלטערן. (צו קרעמערן). ביסט אומעטום געלאָפן, נאָר ניט בא זיך אין גאָרטן.

**מרים:**

מיסטער ערלעך, איך וואָלט געוואָלט מיט אייך עפּעס ריידן.

**ערלעך:**

(גייט איר אַנטקעגן מיט פרייד). איך האָב זיך אויך געקליבן צו ריידן מיט אייך.

**מרים:**

(בלייבט שטיין אַנטקעגן אים. אַ פאַרוואונדערטע, מיט אַ שמייכל). מיט מיר, וועגן וואָס?

**ערלעך:**

(מיט אַ ליבן שמייכל). איך האָב אייך געוואָלט בעטן, אַז איר זאָלט שפּילן פאַר מיר די יידישע מוזיק.

**מרים:**

(מיט פרייד). מע האָט אייך צוגעשיקט די מוזיק? ספּעציעל פאַר מיר? . . .

**ערלעך:**

אַזויפיל, אַז איר וועט האָבן גענוג אויף . . .

**מרים:**

(הייבט אָן גיין. ערלעך גייט איר נאָך). איר האָט געהאַלטן וואָרט, מיסטער ערלעך. (גיט זיך אַ דריי אויס צו אים). און איר ווילט טאַקע הערן ווי איך שפּיל יידישע מוזיק?

**ערלעך:**

מיין גאַנץ לעבן.

**מרים:**

(גייט ווייטער). איך קען אַמאָל אָפּזיצן בא דער פּיאַנע אַ פינף, זעקס שעה אויף אַמאָל.

**ערלעך:**

און איך וועל קיינמאָל ניט מיד ווערן צו הערן אייער שפּילן.

אדרבה, איך וועל זיין דער גליקלעכסטער מענטש, אויב איר וועט נאָר צושטימען. (אַפּ פון דער בינע).

**קרעמער:**

(צו רחלען און דודן מיט פרייד און פאַרוואונדערונג). וואָס איז דאָ פאָרגעקומען? רחל, קניפּ מיך, לאָמיך פילן צי לעב איך. צי איז עס גאָר אַ חלום. רחל! . . .

**רחל:**

(ווישט די אויגן). דו זעסט דאָך, געלויבט צו גאָט.

**דוד:**

(קראַצט זיך אין קאָפּ). דאַכט זיך, אַז דאָס ציגעלע האָט גאָרנישט געבלאָנדזשעט. עס איז געווען מיט דער מאַמען, בא דעם טאַטן אין גאָרטן. (שמייכלט).

**קרעמער:**

(כאַפּט רחל'ען און קושט זי). רחל, גאַטעניו, איך גיי שרייען אין די גאַסן! (הייבט אָן טאַנצן. ער גיט אַ כאַפּ רחלען און הייבט זיך אָן דרייען מיט איר. זינגט).

**רחל:**

(באַפרייט זיך פון אים מיט שפּאַס). הער שוין אויף, משוגענער...

מיסטער שנייד און מיסטער שאַרף קומען אַריינצולויפן פאַרסאָפּעטע. מיסטער שאַרף גיט אַ לויף צו, ווישנדיק דאָס פּנים. ער קען קוים כאַפּן דעם אָטעם.

**מר. שאַרף:**

נו, וואָס הערט זיך?

**דוד:**

(ווייזט אויף מרים און ערלעכן וואָס קומען אַריין און בלייבן שטיין ווי פאַרליבטע אין אַ זייט און סודען זיך, מיט שמייכלענדיקע פּנימער). ס'האָט זיך אָפּגעזוכט דער שאָדן.

**מר. שאַרף:**

(ווישט זיך נאָך אַלץ דאָס פּנים). איך בין אויסגעווען די גאַנצע שטאָט. איך האָב אויפגעוועקט אַלע מעמבערס פון דער סאָסייעטי. איך האָב שוין געוואָלט רופן פּאָליציי. דאָס האָב איך געטאָן, נאָר פאַר איך, מיסטער קרעמער. פאַר אַן אנדערן וואָלט איך דאָס נישט געטאָן, אפילו פאַר טויזנט טאָלער.



**קרעמער:**

(מיט פרייד). די מוטער מיט דער טאָכטער זיינען דאָ געזעסן און געחלומט

**דוד:**

(גיט זיך כאַפּ). וואָס האָסטו געזאָגט, קלמן, געחלומט? . . . (גייט אַפּ אין אַ זייט).

**מר. שנייד:**

די גאַנצע סאָסייעטי וועט דאָ באַלד זיין. מיר האָבן זיך אָפּגערעדט דאָ צו טרעפן.

**רחל:**

(צום מאַן). מע וואָלט געדאַרפט פאַרבעטן די מענטשן אויף אַ גלאָז טיי, צי . . .

**קרעמער:**

(ווייזנדיק אויף מרים מיט ערלעכן, וואָס האָבן זיך פּונקט אין דער מינוט צעלאַכט). מירן טרינקען שטאַרקע טיי, רחל! עס זאָל ווערן פריילעך אויפן האַרצן. מירן טרינקען און הוליען. (ער שרייט הויך אַריין אין הויז אַריין). מייטע! מייטע, גרייט צום טיש!

**רחל:**

שרייט ניט אַזוי, מענטשן שלאָפן דאָך!

**קרעמער:**

(שרייט העכער). זאָלן זיי שלאָפן. בא מיר איז ערשט טאָג געוואָרן! מייטע, וואו ביסטו, מייטע! (צו רחלען). איך הייב ערשט אָן צו לעבן! (לאַכט און שרייט מיט פרייד און טרערן). איי וועלן מיר אַ לעב טאָן! (ווישט די אויגן).

**מייטע:**

(קומט אַרויס מיט אַ שטשירקע און אַ טעלער אין די הענט. זי האַלט אין ווישן דעם טעלער. זי איז פאַרשוויצט און בייז). וואָס שרייסטו אַזוי, איך בין דיר ניט קיין דינסט, וואָס דו שרייסט אויף מיר. זע נאָר, ווי דער קאָזין מיינער האָט זיך צעשריען.

**קרעמער:**

(גיט אַ כאַפּ דעם טעלער פון מייטעס הענט, אַז מייטע דערשרעקט זיך אַזש. ער גיט אַ וואָרף דעם טעלער אויף דער ערד. דער טעלער

צעברעכט זיך). מזל טוב, רחל! מזל טוב! (ער רופט אַלעמען מיט פרייד). קומט אַריין, וועלן מיר מאַכן אַ לחיים!

**מרים:**
(בײדע קומען צו נעענטער. גייענדיק זאָגט זי צו ערלעכן, וויזנ־דיק אויפן פאָטער). איז ניט מיין פאָטער אַ גאָלדענער מענטש?

**ערלעך:**
ער איז אַ כאַראַקטעריסטישער, יידישער פאָלקס מענטש.

**קרעמער:**
(גייט די אַנטקעגן). קומט אַריין, וועלן מיר מאַכן אַ לחיים. (מיט אַ שמייכל). איר וועט נאָך האָבן „פלענטי" צייט צו ריידן! . . .

מייטע גייט שנעל אַריין אין הויז. עס ווערט ליכטיק אין אַלע פענצטער. דוד קומט צוריק און זינגט דאָס ליד „אַ חלום".

**דוד:**
אַ חלום, אַ חלום, ס'איז נאָר געווען אַ חלום,
אַ חלום, צווישן טאָג און נאַכט.
אַ חלום, צווישן טאָג און נאַכט.
זי וועט קענען דערציילן,
אירע קינדער אין פריידן,
אז דער חלום האָט אַ שידוך געמאַכט.
זי וועט קענען דערציילן,
אירע קינדער אין פריידן,
אז דער חלום האָט אַ שידוך געמאַכט.

איינציקווייז ווערן אַלע אַריינגעצויגן אין געזאַנג. פריער קרע־מער, נאָכדעם רחל, שנייד, שאַרף. עס פאָרמירט זיך אַ קאַדריל טאַנץ, די זינגען און טאנצן. ערלעך און מרים שטייען אין מיטן דעם רעדל. מייטע גיט אַ קום אַרוים, גיט זי זיך אַ שטופ אין מיטן.

בא דעם צווייטן איבערזינג, נעמען מרים און ערלעך דוד'ן אַריין אין מיטן. די לייגן אַרויף די הענט אויף זיינע אַקסלען און זינגען מיט אים מיט, דעם צווייטן איבערזינג. אַזוי גייענדיק מיט פרייד און גע־זאנג, דערנעענטערן די זיך זיך צו דער טיר. אין דעם מאָמענט, הערט מען פון אַ וויטן שכן אַ געשריי: „שטיל זאָל דאָרט זיין, איר!! . . . . . . אַלע בלייבן שטיין מיטאַמאָל פאַרציטערט . . .

פאָרהאַנג פאַלט.

**ס ו ף .**



## פאַריידישטע ענגלישע ווערטער וואָס געפינען זיך אין „מרימ'ס חלום"

אַניס־טו־גאָד — איך שווער ביי גאָט.
איט טעיקס טו טו מעיק אַ באַרגיין — עס דאַרפן זיין צוויי צו שליסן אַ געשעפט.
ווילקאָם טו אוער ניו האָם — איר זייט ווילקאָמען אין אונדזער נייע היים.
קעש, מאָני פאר עווערטיינג — באַרעס געלט פאַר אַלצדינג.
מיינד יור אָון ביזנעס — זאָל דיר דער קאָפּ ניט דאַרן, פאַר יענעמס געשעפטן.
פייטן מיט עווערטינג — קעמפן מיט אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג.

אַרענדזש גראָוו — פאָמעראַנצן־גאַרטן.
אָווערהאָלס — אַרבעטס קליידער.
באַרגיין — אַ מציאה.
גוד איוונינג — אַ גוטן אָוונט.
גוד עפטערנון — אַ גוטן טאָג. (נאָכמיטאָג).
גאַראַדזש — קאָמער פאַרן אויטאָ.
געפיקסט — פאָפּראַוועט, אָפּגעטאָן.
דאַרלינג — מיין ליבער. (ליאָלקע).
דיימענטס — דימענטן.
דזשעלאָס — אייפערזיכטיק.
דישעס — געשיר.
דאָניישאָן — ביישטראָג.
טיטשער — לערער.
טוירקי — אינדיק.
טשיקנס — הינער.
טרייעט — פרובירט.
טשערמאַן — פאָרזיצער.
טשענס — געלעגנהייט.
טשייסער — פאָרטרייבער. פון שלעכטן ריח.
יו אַר קרעיזי — ביסט משוגע.
יעס סער — יאָ, מיין האָר.
לעקטשורער — לעקטאָר.
לאָיער — אַדוואָקאָט.
מעמבערס — מיטגלידער.
מאָרטגיידזש — משכון.
מענערס — מאַנערן.
נעקסט טיים — קומענדיקן מאָל.
נאָטיץ — מודעה.
סאָם פאַרטי— שוין איינמאָל אַ שמחה.
סטאָר — קראָם.
סטייקס — געבראָטן פלייש.
סטיישאָן — סטאַנציע.

סינק — וואַסער באַסיין.
סטאַפּעט! — הער אויף!
סאַסייעטי — פּאַריין.
סטרייט — גלייך.
ענדזשאָיעט — אַמוזירט.
עקסקיוז מי — אַנטשולדיקט מיר.
פּלענטי — גענוג.
פּליז — ביטע.

קאָלעדזש — אוניווערזיטעט.
קיטשן — קיך.
קריסטמעס בוים — יאָלקע.
קרעקערי סטאָר — געשירר-געשעפט.
רעפּיוזן — אָפּזאָגן זיך.
רום — צימער.
שור — זיכער.